# די יוגנט רעדט



ארויסגעגעבן פון דער
ניו יאָרקער צענטראַלער שול־פּאַרוואַלטונג פון ארבעטער רינג
ניו יאָרק, 1934
 200

# אינהאַלט

פאָרוואָרט — — — — — — — — — — — — — — — 5

לילי סאָלאָוויאָוו — אַסימילאציע — — — — — — — — — — 7

לייבל בעקער — די אידישע יוגנט באוועגונג אין אַמעריקע — 14

ריינע וואַטניק — סאָציאלע און נאַציאָנאלע פּראַבלעמען אין
דער אידישער ליטעראַטור — — — — — — — — — — — 19

לילי סאָלאָוויאָוו — ערב „בונד“ — — — — — — — — — 25

רחל לוטין — דער „בונד“ און זיין ווירקונג אויף דער
אידישער שפּראך און קולטור — — — — — — — — — 35

בערטאַ קלעבאַנאָוו — די פּאָליטישע ווירקונג פון „בונד“ — 41

יוסף סטאָלניץ — די ווירקונג פון „בונד“ אויף דער אידישער
אַרבעטער באוועגונג אין אמעריקע — — — — — — — 47

לייבל בעקער — דער „בונד“ און דער אידישער אַרבעטער
אין רוסלאנד — — — — — — — — — — — — — — 50

מיכלע טאַבאַטשניק — די אַנטוויקלונג פון דעם אידישן טע־
אַטער אין אמעריקע — — — — — — — — — — — — 54

רות אַראַנאָוויטש — די אַרבעטער רינג שולן און דאָס אידישע
לעבן אין אַמעריקע — — — — — — — — — — — — 58

לעאָן סאָסנאָוו — אידישע אָרגאַניזאציעס אין אמעריקע — — 61

*

* *

אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר האָבן די שילער פון דער אַרבעטער רינג מיטל־שול אין ניו יאָרק, צוזאַמען מיט שילער פון אַנדערע וועלטלאַכע אידישע מיטל־שולן, זיך באַטייליקט אין עטלאַכע עפנטלאַכע ארויסטרעטונגען, וואָס האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון ברייטע אידישע קרייזן.

דער ערשטער פון די ארויסטרעטונגען איז געווען אַ סימפּאָזיום אין 1932 אויף דער טעמע: „פופציק יאָר אידישע מאַסן־אימיגראַציע קיין אַמעריקע". דער צווייטער סימפּאָזיום, אין 1933, איז געווען אויף דער טעמע: „סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען ביי אידן".

לכבוד דער פייערונג פון דעם 35־יאָריקן יובילייי פון „בונד" האָבן די שילער פון דער ניו יאָרקער אַרבעטער רינג מיטל־שול אליין דורכגעפירט אַ סימפּאָזיום אויף דער טעמע: „35 יאָר בונד".

אין דעם ביכל זיינען אָפּגעדרוקט די רעדעס, וואָס די סטודענטן פון דער אַרבעטער רינג מיטל־שול האָבן געהאַלטן אויף די דריי סימפּאָזיומס.

די רעדעס פון די שילער האָבן ארויסגערופן באַגייסטערונג ביי די הונדערטער באַזוכער פון די סימפּאָזיומס. די סטודענטן האָבן באַוויזן, אַז ניט נאָר האָבן זיי אין דער מיטל־שול זיך אויסגעלערנט די אידישע שפּראַך, נאָר זיי האָבן אויך געקראָגן אַ ברייטע פאַרשטענדניש איבער פאַרשיידענע פּראָבלעמען פון אונזער צייט.

דאָס ביכל גיט אַ באַגריף בלויז וועגן אַ טייל געגנשטאַנדן וואָס ווערן געלערנט אין דער אַרבעטער רינג מיטל־שול. די רעדעס האָבן די שילער געהאַלטן אויפ'ן גרונט פון אַרבעטן, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין די קלאַסן. אין דער פּראָגראַם פון דער אַרבעטער רינג מיטל־שול פאַרנעמט אויך זייער אַ חשוב'ן אָרט די אַלטע אידישע געשיכטע, אידישע ליטעראַטור, די געשיכטע פון סאָציאַליסטישן געדאַנק און פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג.

דאָס ביכל איז אַ באַשיידענע מתנה פון דער ניו יאָרקער צענטראַלער שול־פאַרוואַלטונג פון אַרבעטער רינג צו אַלע פריינט פון דער אידישער וועלטלאַכער שול.

**לילי סאַלאָוויאָוו:**

# אַ ס י מ י ל אַ צ י ע

די אַסימילאַציע איז געקומען אין דעם אידישן לעבן מיט אַ גרויסן רעש און גערודער. וואונדערלאַכע האָפנונגען, הערלאַכע טרוימען, אָן אַ שיר גליקן האָט די אַסימילאַציע צוגעזאָגט.

די ערשטע זאַך, האָט די אַסימילאַציע צוגעזאָגט אָפּצושאַפן דעם אַנטיסעמיטיזם. ווען דאָס אידישע פאָלק וועט זיך אויסמישן מיט די אַרומיקע פעלקער, וועלן די פעלקער ווערן מער פריינטלאַך צו די אידן און סוף כל סוף וועט די שנאה, דער אידן-האָס אינגאַנצן פאַרשווינדן. די אַסימילאַטאָרן האָבן געשאַפן אַ נייע דערקלערונג פון אַנטיסעמיטיזם.

די פרומע וועלט האָט זיך פאַרגעשטעלט אַז די אורזאַך פון אַנטיסעמיטיזם איז גאָטס שטראָף פאַר אונזערע זינד. ווען מיר וועלן תשובה טאָן, וועט זיך גאָט אָפּרעכענען מיט אונזערע פייניקער און אונז אויסלייזן פון זייערע הענט.

אַ גאַנץ אַנדער ענטפער האָט די אַסימילאַציע געגעבן. די אַסימילאַטאָרן האָבן פריער פאַר אַלץ געמאַכט אַן אונטערשייד צווישן דער פיינטשאַפט צו אידן אין צייט פון מיטלאַלטער און דעם אַנטיסעמיטיזם פון דער מאָדערנער צייט.

מיט יאָרן צוריק, איז דער אַנטיסעמיטיזם געווען אַ פּראָדוקט פון דעם בלינדן רעליגיעזן האָס וואָס האָט אָנגערייצט איין רעליגיע אַנטקעגן דער אַנדערער. אין יענע צייטן זיינען די אַנדערע פעלקער געווען שולדיק, און ניט

מיר. זיי האָבן דאָס אידישע פאָלק אַריינגעטריבן אין אַ פינסטערער הייל, אַ געטאָ, און אידן זיינען אָפּגעריסן גע־וואָרן פון דער גאַנצער וועלט.

יזינט יענער צייט האָבן זיך די אומשטענדן געענדערט. די פעלקער זיינען געוואָרן ציוויליזירטער און מער טאָ־לעראַנט. זיי זיינען אונז איצט גרייט צו דערקענען, אָבער מיר ווילן פון דעם ניט וויסן. דערפאַר, ווען אַ פאָלק איז איצט פיינטלאַך צו אונז, זיינען מיר שולדיק.

אויף אַזאַ אופן האָבן די אַסימילאַטאָרן דערקלערט דעם אַנטיסעמיטיזם.

די אַסימילאַציע האָט ווייטער גע׳טענה׳ט, אַז ס׳איז נאָך אפשר נויטיקער פאַר אונז צונויפצוגיסן זיך מיט די אַנדערע פעלקער, כדי אויפצוהויבן דעם קולטור־מעמד פון אונזער פאָלק.

אונזער קולטורעלער צושטאַנד איז געפאַלן, ווייל יאָרן און יאָרן לאַנג האָבן מיר פאַרבראַכט אין דער געטאָ. מיר האָבן גאָרניט געוואוסט פון אַן אמת־מענשלאַך לעבן. מיר האָבן געלעבט אין פינסטערניש. מיר זיינען געוואָרן אָפּ־געלאָזן אין אונזער קליידונג, ריינלאכקייט און דרויסנדיקן אויסזען.

מיר דאַרפן זיך אָבער וועגן די זאַכן גאָר ניט ערגערן, האָט געזאָגט די אַסימילאַציע, ווייל ווי באַלד מיר וועלן אויפנעמען אַ פרעמדע קולטור און פרעמדע מנהגים, וועט אונזער קולטור־מעמד זיך א הויב טאָן און מיר וועלן ווערן מיט לייטן גלייך. אַסימילירט זיך, הייסט עס, כדי צו ווערן קולטורעלע מענשן.

אַ דריטער צוזאָג וואָס די אַסימילאַטאָרן האָבן גע־מאַכט, איז געווען, אַז אונזער אַסימילירן זיך מיט אַנדערע פעלקער וועט אויך אויספיינערן דעם אידישן מהות מענש.

מיט רעכט האָט העגריך היינע צוגעגליכן דעם אידן אין מיטלאַלטער צו אַ הונט וואָס בלויז איין טאָג אין דער וואָך ווערט אָפּגעטאָן פון אים דער בייזער כישוף. דער איד האָט געלעבט אין א דאָפּלטער געשטאַלט. אין דער

וואָך ווי אַ הונט, אום שבת ווי אַ בן־מלך. אין זיין גע־שטאַלט ווי אַ הונט, זיינען זיינע געדאַנקען געווען היג־טישע, דאָס הייסט, ער האָט נאָר געטראַכט וועגן באַקו־מען ערגעץ־וואו אַ פעט ביינדל, אַ הונט וואָס האָט געלעקט דעם שטויב פון די פיס ביי די, וואָס האָבן אים געשטויסן.

דעם פרומען אידן, וואס האָט געגלויבט אין משיח׳ן האָבן די באַליידיקונגען פון דער וועלט ניט געקאָנט ברעכן.

„און זיין חנפ׳ענען און גלעטן האָט געהאַט אין זיך פונקט אַזוי וויניק ערלאַכע קנעכטישקייט ווי ווען מען חנפ׳עט און מ׳גלעט אַ ווילד געוואָרענעם לאָשאק״.

אַנדערש איז אָבער געוואָרן אין דער נייער צייט, אין 19טן יאָרהונדערט, ווען די משיח־אידייע שטאַרבט אָפּ און עס ווערט שווערער אַריבערצוטראָגן די באַליידיקונגען.

ס׳קומט אויף דער גלויבן, אַז אידן דאַרפן ווערן מענשן מיט מענשן גלייך. ווערן מענשן מיינט, ווערן אוים אידן. העכסטנס אידן נאָר אין דער היים און מענשן אין גאַס.

די האָפנונגען זיינען פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך דער גלענצנדער אידייע פון קאָסמאָפּאָליטיזם. עס הייסט, ס׳איז שוין גאָרניט ווייט די צייט ווען פעלקער בכלל וועלן פאַר־שווינדן. ס׳וועט אויפקומען איין מענשהייט, באַפרייט פון אַלע קייטן, מיט איין אַלמענשלאַכער שפּראַך. עס האָבן גע־נומען קלינגען די געדאַנקען פון ברידערלאַכן פעלקער־צו־נויפגוס. אַ שיין בילד פון אַ פּאַראייניקטער און באַפרייטע־מענשהייט האָט גערופן צו באַפרייאונג און צו אַסימילאַציע.

די אַסימילאַציע האָט געמאַכט אַלע די צוזאָגן מיט אַ לאַנגער צייט צוריק. זי האָט געהאַט פיל מעגלאַכקייטן זיי דורכצופירן און מ׳קאָן שוין זען די רעזולטאַטן, ווייל עס איז באַלד הונדערט יאָר ווי די אידעאַלן פון דער אַסי־מילאַציע האָבן גענומען פאַרווי־קלאַכט ווערן. עס איז, דער־פאַר, פאַראַן גענוג מאַטעריאַל כדי צו קאָנען פאַרענטפערן די פראַגע, צי האָט די אַסימילאַציע געהאַלטן וואָרט און וואָס האָט זי באמת געבראַכט.

די ערשטע שאלה וואָס מען קאָן פרעגן איז די: האָט

די אַסימילאַציע אָפּגעשאַפט, ווי זי האָט צוגעזאָגט, דעם אַנ־טיסעמיטיזם?

ווען מ׳טראַכט זיך אַריין אין דער פראַגע, קאָן מען זען אַז אין די מערסטע פאַלן האָט זי דעם אַנטיסעמיטיזם ניט אָפּגעשוואַכט, נאָר אדרבא, פאַרשטאַרקט.

פריער איז דער אַנטיסעמיטיזם געווען פאַרשפּרייט נאָר אין די צוריקגעשטאַנענע לענדער. אידן זיינען פאַר־פאָלגט געוואָרן פון גלחים, פון די הענדלער און אויך פון די בעל־מלאכות, איצט האָבן זיך די געפילן אויך פאַר־שפּרייט אין די פּראָגרעסיווע לענדער, ווי דייטשלאַנד און פראַנקרייך. די מאָדערנע צייט האָט געבראַכט דערצו, אַז אויך צווישן דער אינטעליגענץ זאָל פאַרשפּרייט ווערן דער אַנטיסעמיטיזם. אַמאָל פלעגט די ליבעראַלע אינטעליגענץ פאַרטיידיקן אידן; איצט, פאַרקערט, איז איר ליבע צו אידן גאָרניט אַזוי ברענענדיק. צווישן א זייער גרויסן טייל פון דער אינטעליגענץ איז אַריינגעדרונגען דער גיפט פון אַנטיסעמיטיזם.

די אַסימילאַציע האָט ניט געהאָלפן אָפּצושאַפן דעם אַנ־טיסעמיטיזם. אַלס א ביישפּיל קאָן מען נעמען דייטשלאַנד, וואו אַן אָפּשלוס פון אַ גאַנצער עפּאָכע קומט פאָר. מענשן וועלכע זיינען אַסימילירט דורך און דורך, וועמענס עלטער־זיידעס האָבן זיך גע׳שמד׳ט און אָנגענומען די מנהגים און די קולטור פון דייטשלאַנד, ווערן איצט געדריקט און גע־שטיקט און מוזן אַנטלויפן וואוהין זייערע אויגן טראָגן זיי.

און וואָס הערט זיך אין אמעריקע? העיוואוד ברון און דזשאָרדזש בריט האָבן צונויפגעזאמלט אַ גאַנץ בוך מיט מאַטעריאַלן, וואָס באַווייזן וויפיל דיסקרימינאַ־ציעס עס ווערן געמאַכט קעגן אידן. דאָס בוך הייסט טאַקע "Christian Only".

די אַסימילירטקייט איז גאָר קיין הילף ניט.

א זייער געהויבענע מיינונג וועגן אידן האָט, למשל, מענקען, דער אַמאָליקער אָפּגאָט פון דער ראַדיקלאַער יוגנט

אין אַמעריקע. אין זיין בוך "Treatise of the Gods" דריקט ער זיך אַזוי אוים:

„נישטאָ נאָך אַזאַ אומאנגענעם פאָלק ווי די אידן זייּ־נען. זיי האָבן ניט קיין איינע פון די אייגנשאַפטן פון ציּ־וויליזירטע מענשן, ווי למשל, העלדישקייט, חשיבות און צוטרוי. זיי פאַרמאָגן וויסן אָבער ניט קיין חכמה. זייער צדקה איז ניט מער ווי אַן אויספּיינען זיך."

אַרום און אַרום, זייער אַ געהויבענע מיינונג וועגן דעם פאָלק ישראל.

אַ רעזולטאַט פון דער אַסימילאַציע איז אויך דער אַסעמיטיזם. עס הייסט, אידן זיינען א פיין, גוט פאָלק, נאָר זיי זיינען צו קלוג, צו פייאיק. אַ פאַרטרעטער פון דער ריכטונג איז טשעסטערטאָן. ער זאָגט צו די אידן:

„איר זייט קלוגע, טאַלאַנטפולע מענשן מיט אַ רייכן באַשאַפערישן זשעני. אַלץ וואָס איר נעמט איבער פון א פרעמדן פאָלק און פון אַ פרעמדער קולטור, בלייבט ביי אייך ניט ליגן, נאָר ווערט איבערגעגאָסן אין אייער אייגענעם באַשאַפערישן פורעם און עס גייען אַרויס פון דאָרטן קולטור פּראָדוקטן וואָס באַצויבערן אונזער אויג דורך זייער אָריגינאַליטעט און פּראַכט.

„דעריבער זיינט איר אידן, ניט קיין ענגלענדער, פראַנצויזן, אָדער דייטשן. און דעריבער קאָנען מיר ניט צולאָזן אַז דער אידישער גייסט זאָל ווערן דער אויבערהאַר אויף דער ענגלישער, דייטשער אָדער פראַנצויזישער קולּ־טור".

מיט די שיינע לויבגעזאנגען דאַרפן מיר זיך פילן געּ־ערט. אָבער זיי מיינען צו זאָגן כמעט דאָס זעלבע וואָס די אַנטיסעמיטישע אידעאָלאָגיע זאָגט. זיי ווילן אונז ניט צוּ־לאָזן צו די העכערע פּאָזיציעס. כל זמן דאָס אידישע פאָלק האָט געלעבט זיין אייגן קולטורעל לעבן, ווען זיינע קינדער האָבן ניט געקאָנט קאָנקורירן אין דער פרעמד, האָט אונז די ליבראַלע אינטעליגענץ פאַרטיידיקט. אָבער איצט,

ווען דאָס רוב געבילדעטע האָבן גענומען דערפילן די אי־
דישע קאָנקורענץ, טרעט מען אַרויס אַנטקעגן אונז.

יאָ, דער אַנטיסעמיטיזם און דער אַסעמיטיזם ווילן
כמעט די זעלבע זאַכן פון אונז, כאָטש זיי האָבן באַזונ־
דערע מעטאָדן. די אַנטיסעמיטן װעלן באַנוצן וואָס זיי קע־
נען נאָר כדי צו פאַרשוואַרצן אונזער פּנים און אונז צוריק־
שטויסן. די אַסעמיטן וועלן טאָן דאָס אייגענע, נאָר מיט
מער איידעלע ציוויליזירטע מיטלען.

וואָס הערט זיך מיט די אַנדערע צוזאָגן פון דער אַסי־
מילאַציע? למשל, וועגן מאַכן אידן פאַר א מער קולטורעל
און אַנטוויקלט פאָלק?

דער אייגענער דורכפאַל! ניין, די אַסימילאַציע האָט
אויך ניט אויפגעהויבן דעם קולטור־מעמד פון די אידישע
פאָלקס־מאַסן. ווי אזוי האָט זי עס געקאָנט, ווען די בעס־
טע זין פון פאָלק זיינען אַוועק שאַפן אין די פרעמדע קול־
טורן?

עס קאָן ביי קיין פאָלק ניט זיין קיין קולטורעלע אַנט־
וויקלונג אָן קולטור־שאַפערס און קולטור טרעגערס. ביים
אידישן פאָלק זיינען, אַ דאַנק דער אַסימילאַציע, אַוועקגע־
נומען געוואָרן די, וואָס האָבן פאַר אים באַדאַרפט שאַפן
אָדער טראָגן זיין קולטור.

די אידישע אינטעליגענץ איז געגאַנגען לערנען די
פראַנצויזן ווי צו זיין בעסערע פראַנצויזן; די דייטשן, ווי
צו זיין בעסערע דייטשן; די אַמעריקאַנער, ווי צו זיין בע־
סערע אַמעריקאַנער, און די דייטשע מאַסן זיינען געבליבן
אַליין.

אויף די גרויסע אידישע ישובים, רוסלאַנד, פּוילן און
די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו עס לעבן גרויסע מאסן
אידן, האָט די אַסימילאַציע נישט געקענט האָבן די פאַר־
ניכטנדיקע ווירקונג, ווייל אנטקעגן איר איז אַרויסגעטראָטן
די פאָלקס־אינטעליגענץ, ווייל אַנטקעגן איר האָט געקעמפט
דער געזונטער פאַרלאַנג פון אַ פאָלק צו עקזיסטירן.

אין די קלענערע ישובים, ווי האָלאַנד, איז געבליבן אַ

קיך־אידישקייט. האָלאַנדישע פרויען האָבן, למשל, מיל־כיקע געפעס, פליישיקע געפעס, פאַרעווע געפּס און פישיקע געפעס. אין דייטשלאַנד איז פאַרבליבן אַ מוזיי־אידיש־קייט.

הייסט עס, ביז איצט האָבן מיר פון דער אַסימילאַציע קיין נחת ניט געהאַט.

וואָס איז געוואָרן מיט'ן דריטן צוזאָג אירן, אַז דער מהות־מענש וועט ווערן שענער, בעסער, איידעלער?

ס'איז אמת, פון דער אַסימילאַציע זיינען אַרויסגעקומען איינצלנע פיינע אַסימילירטע אידן. מענשן וואָס זיינען גע־ווען העלדן, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט אַרויסגעשטעלט אויף אַלע פעלדער פון דער מענשלאַכער פּראָגרעסיווער קולטור.

אָבער די איינצלנע, באַזונדערע מענשן זיינען גאָר ניט קיין באַווייז. די נשמות פון די מערסטע, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין דעם געיעג נאָך געלט, קאַריערע און מאַכט, זיינען געוואָרן פאַרדאָרבן. מ'האָט זיך אָנגעהויבן שטופּן אין אַלע געביטן פון לעבן. דער איד האָט אָנגעהויבן פאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ אויף דער בינע, אין דער פּרע־סע, א. ד. גל. אויב ער האָט זיך דערהויבן צו אַ הע־כערער עקאָנאָמישער שטופע, איז זיין נשמה אַליין מער פאַר־דאָרבן געוואָרן. ער האָט געמוזט אָנווענדן אַלע מיטלען אַבי צו האַלטן זיך אויף זיין פּלאַץ.

דריי דורכפאַלן, אויף אַלע דריי פראָנטן, דאָס איז דער גרויסער אויפטו פון דער אַסימילאַציע! ניט אָפּגעשוואַכט, נאָר פאַרשטאַרקט דעם אַנטיסעמיטיזם; ניט אויפגעהויבן, נאָר אַרונטערגעדריקט דעם קולטורעלן מעמד פון די מאַסן; ניט איידעלער געמאַכט דעם מהות מענש אין דעם אידן, נאָר אים דערנידעריקט און פאַרדאָרבן.

האָט דען דורך דעם די אַסימילאַציע ניט אונטערגע־שריבן איר אייגענעם טויט־אורטייל?

לייבל בעקער:

# די אידישע יוגנט באַוועגונג אין אַמעריקע

די אידישע יוגנט באַוועגונג אין אַמעריקע שפּיגלט אָפּ דאָס לעבן פון די פאַרשיידענע אידישע קרייזן דאָ אין לאַנד.

אייגנטלאַך וואָלטן די אָרטאָדאָקסן געדאַרפט האָבן די שטאַרקסטע יוגנט באַוועגונג אין אַמעריקע, ווייל אין אמע־ריקע זיינען דאָך די אָרטאָדאָקסן אַ מאַיאָריטעט אין אידישן לעבן, נאָר ביי זיי איז די יוגנט באַוועגונג זייער שוואַך אַנטוויקלט. די איינציקע לעבעדיקע יוגנט אָרגאַניזאַציע זייערע איז די יאָנג איזראַעל. די אידישע יוגנט אין אמע־ריקע איז אָרגאַניזירט בלויז צווישן די מער ליבעראַלע און אַרבעטער עלעמענטן און אויך ביי די ציוניסטן.

פּונקט ווי מיר זעען פאַרשיידענע ריכטונגען און מיי־נונגען אין דעם אַלגעמיינעם אידישן לעבן אין אַמעריקע, אַזוי געפינט מען פאַרשיידענע נייגונגען און מיינונגען אין דער אָרגאַניזירטער אידישער יוגנט באַוועגונג. די אָרגאַני־זירטע אידישע יוגנט איז אין אַ געוויסן זין אַן אָפּשפּיגלונג פון די פאַרשיידענע געזעלשאַפטלאַכע שטרעבונגען פון דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע.

דער באַדייטענדסטער טייל פון דער אָרגאַניזירטער אידישער יוגנט באַלאַנגט צו 3 אָרגאַניזאַציעס: די „מנורה" סאָסייעטי, די פּועלי־ציון יוגנט אָרגאַניזאַציע און די יאָנג סוירקל ליג. איך שטעל זיך ניט אָפּ אויף די יוגנט באַוועגונגען, וואו אידן און קריסטן באַלאַנגען צוזאַמען, ווי די איפּסלם און די יאָנג קאָמיוניסט ליג.

אין אַלע דריי פריער־דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס צוזאַ־מען זיינען פאַראַן אַרום ניין טויזנט מיטגלידער. איך וועל זיך אָפּשטעלן אויף יעדער אָרגאַניזאַציע באַזונדער און געבן די אינפאָרמאַציע, וואָס איך האָב געקענט קריגן וועגן

זיי דורך אינטערוויוס, וואָס איך האָב געהאַט מיט זייערע פאַרטרעטער.

די „מנורה״ סאָסייעטי האָט אין איר אָרגאַניזאַציע 5,000 מיטגלידער. אירע מיטגלידער זיינען קאַלעדזש־סטודענטן און אירע קלובן געפינען זיך נאָר אין קאַלעדזשעס. די סאָסייעטי איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין יאָר 1906. איר אויפגאַבע איז צו שטודירן און העלפן אַנטוויקלען אידישע קולטור און אידישע אידייען. זי גיט אַרויס אַ זשורנאַל, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע, און אין די קלובן דיסקוטירן די מיטגלידער ענגלישע און העברייאישע קלאַסיקער, און אינטערעסירן זיך אַז בעסערע אידישע ביכער זאָלן איבערגעזעצט ווערן אויף ענגליש. איך וויל דאָ באַמערקן, אַז זייער גאַנצע אַרבעט ווערט געטאָן אין ענגליש. איך גלויב, אַז זיי וואָלטן געדאַרפט זען, אַז כאָטש אַ טייל פון זייער אַרבעט זאָל געטאָן ווערן אין אידיש.

די „מנורה״ סאָסייעטי איז אומפּאַרטייאיש. אַ טייל פון אירע מיטגלידער באַלאַנגען צו פאַרשיידענע פּאַרטייען, נאָר די סאָסייעטי אַלס אַן אָרגאַניזאַציע שטייט ווייט פון פּאַרטיי־לעבן.

אויפ׳ן געזעלשאַפטלאַכן געביט אַראַנזשירן זיי אָפט „דינערס״, וואו זיי נעמען אויף פאַרשיידענע אידישע פּערזענלאַכקייטן. אין אַ פּאָר ווערטער קען מען זאָגן, אַז די „מנורה״ סאָסייעטי שטרעבט צו פאַרשטאַרקן אידישע קולטור און וויסנשאַפט. איר שטרעבונג איז, אַז די אידישע יוגנט זאָל ניט אָפּגעריסן ווערן פון פאָלק, אַז די אידישע יוגנט זאָל פילן, אַז זי איז אַ באַדייטנדער טייל פון דער געזעלשאַפט און האָט צו זאָגן איר וואָרט אַלס אַ אידישע יוגנט.

די צווייטע קערפּערשאַפט איז די פּועלי ציון יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

דאָס איז אַ ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע. איר אויפגאַבע איז צו אַרבעטן פאַר סאָציאַליזם אויף דער גאַנצער וועלט און אויפבויען אַ סאָציאַליסטישע

היימלאַנד אין ארץ ישראל. זי עקזיסטירט שוין 13 יאָר און האָט 2,000 מיטגלידער. זי איז אויך אַ טייל פון סאָציאַ־ליסטישן יוגנט אינטערנאַציאָנאַל און אַרבעט צוזאַמען מיט אַנדערע סאָציאַליסטישע יוגנט באַוועגונגען. זי איז אַקטיוו פאַר דער אַרבעטער באַוועגונג אין ארץ ישראל.

די פועלי־ציון יוגנט אָרגאַניזאַציע אינטערעסירט זיך מיט אַלע פראַגן, וועלכע האָבן צו טאָן מיטן אידישן לעבן, אידישער קולטור, אידישער געשיכטע און עקאָנאָמיק.

זייער געזעלשאַפטלאַך אויסלעבן זיך באַשטייט אין טעאַטער פאָרשטעלונגען, אין זינגען אידישע פאָלקס־לידער, מערסטנס וועגן ארץ ישראל, און זיי האָבן אויך באַזונ־דערע ספּאָרט אָפּטיילונגען. זייערע מיטגלידער זיינען אויך פאַראינטערעסירט אין אידישע און סאָציאַלע וויסנשאַפטן.

די פועלי־ציון יוגנט אָרגאַניזאַציע גלויבט, אַז די אי־דישע יוגנט אין אמעריקע ערוואַכט נאַציאָנאַל, נעמט זיך אַלץ מער אינטערעסירן מיט אידישע און סאָציאַלע פּראָ־בלעמען. זי גלויבט, אז די יוגנט וועט ווייטער שמידן די קייט פון אידישן לעבן, און אַ גרויסער טייל יוגנטלאַכע וועט פאָרן קיין ארץ ישראל און דאָרטן זיך אָנשליסן אין די רייען פון די דאָרטיקע אידישע ארבעטער.

פון דעם איז לייכט צו זען, אז זיי אינטערעסירן זיך מער מיטן אידישן לעבן אין פּאַלעסטינע ווי מיטן אידישן לעבן אין אמעריקע, און אז זייער אידעאל איז איינצואוואָרצ־לען ביי דער אידישער יוגנט מער ציוניזם ווי סאָציאַליזם.

די דריטע אָרגאַניזאַציע איז די „יאָנג סוירקל ליג.“

די יאָנג סוירקל ליג זאָגט, אַז איר אויפגאַבע איז צו אַנטוויקלען אירע מיטגלידער פיזיש, סאָציאַל און אינטעלעק־טועל אין אַן אַטמאָספערע סימפּאַטיש צו די אידייען און אידעאַלן פון דער אַרבעטער באַוועגונג.

די יאָנג סוירקל ליג האָט אין איר אָרגאַניזאַציע 2,000 מיטגלידער און זי עקזיסטירט שוין 5 יאָר. אין די קלובן וואו אַרבעטער רינג לערער נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט, אינטערעסירן זיך די מיטגלידער מיט אי־

דישע פראַגן, מיט אידישער ליטעראַטור און אידישער קול־טור אויף אַ ברייטן אופן. אין אַלגעמיין אָבער איז די יאָנג סוירקל ליג זייער ווייט פון אידישע פּראָבלעמען און פון דער מאָדערנער אידישער קולטור. דאָס נעמט זיך פון דעם, וואָס נאָר 25 פּראָצענט פון די מיטגלידער פון די יאָנג סוירקל ליג זיינען ווען עס איז געגאַנגען אין אַן אַרבייטער רינג שול. די שול האָט ביי זיי איינגעפּלאַנצט אַן אינטערעס אין אידיש. די איבעריקע 75 פּראָצענט זיינען זייער ווייניק פאַראינטערעסירט אין אידיש און לעבן מיט דער אידעאָלאָגיע פון דעם אַמעריקאַנער שמעלץ־טאָפּ.

די אַקטיוויטעטן פון דער יאָנג סוירקל ליג זיינען צעטיילט אַזוי: זיי האָבן דיסקוסיעס, לעקציעס, דעבאַטעס, פּיקניקס, הייקס, ספּאָרט, טענץ, שמחות; זיי גיבן אַרויס זייערע אייגענע זשורנאַלן און זיי האָבן אויך באַזונדערע דראַמאַטישע אָפּטיילונגען.

די יאָנג סוירקל ליג גלויבט, אַז די יוגנט דאַרף העלפן דעם אַרבעטער אין זיין קאַמף.

די יאָנג סוירקל ליג טראָגט אַ סאָציאַליסטישן כאַראַקטער און גלויבט אַז אין אַ סאָציאַליסטישן שטאַט וועט דער קאָלעקטיווער איינפלוס פון שטאַט זיין געגן אַנטיסעמיטיזם.

פון דער אינפאָרמאַציע וואָס איך האָב דאָ איבערגעגעבן איז קלאָר, אַז די „מנורה" סאָסייעטי און די פּועלי־ציון יוגנט אָרגאַניזאַציע זוכן מער צו אַנטוויקלען ביי זייערע מיטגלידער אַ באַציאונג צום אידישן לעבן ווי דאָס טוט די יאָנג סוירקל ליג. אָבער די פאָרשטעלונג וואָס עס מיינט אידיש לעבן איז סיי ביי דער „מנורה", סיי ביי די יונגע פּועלי־ציון אַ דורכאויס פאַלשע. ווי קען די „מנורה" אַריינציען אירע מיטגלידער אין אידישן לעבן, אַרויסרופן ביי זיי אידישע שטימונגען, אַנטוויקלען שאַפער און בויער פון דער אידישער קולטור, ווען די שפּראַך פון די אידישע פאָלקסמאַסן — אידיש — איז זיי אינגאַנצן פרעמד? ווען זייער אידישקייט איז נאָר אַ בוך און אַ מוזייאום אידישקייט?

וען זיי אינטערעסירן זיך מיט אידישע פראָבלעמען (דאָס טוען אַמאָל אויך נישט אידן), אָבער קיין אידיש לעבן ל ע ב ן זיי ניט? די שטודירנדיקע יוגנט איז דאָך אַלע־מאָל די האָפענונג פון אַ פאָלק. וואָס קען מען אָבער דער־וואַרטן פון דער „מנורה”, ווען דאָס העכסטע, וואָס זי ווייזט אַרויס, איז לעבלאָזער אינטערעס? אָבער ג י י ן אין פאָלק, ל ע ב ן מיטן פאָלק, ש אַ פ ן מיטן פאָלק, ליידן און פרייען זיך מיט אים, איינשפאַנען זיך אין דעם וואָגן פון אַ באַנייטן פאָלקס־לעבן — פאַר דעם איז זי ניט גרייט.

נו, און איר שטעלונג צו סאָציאַלע פראָבלעמען? אויך מיט איר שטעלונג צו סאָציאַלע פראַגן, קענען מיר, יונגע אידישע סאָציאַליסטן, ניט זיין צופרידן. ווי קען מען אין אונזער צייט זיין גלייכגילטיק צו דעם גרויסן קאַמף, וואָס דער אַרבעטער קלאַס פירט פאַר זיין באַפרייאונג? ניין, נישט די „מנורה” קען אונז צופרידנשטעלן... און אויך ניט די יונגע פועלי־ציון. זייער ציוניזם איז ביי זיי שטאַרקער ווי זייער סאָציאַליזם. 180 טויזנט אידן אין ארץ ישראל זיינען וויכטיקער ווי 16 מיליאָן אין גלות!

די פועלי־ציון זיינען צופיל איינגעטונקט אין אידיש־קייט — ארץ־ישראל אידישקייט.

דערפאַר זיינען אינגאַנצן פטור פון אידישע אינטערעסן די מערסטע קלובן פון דער יאַנג סוירקל ליג. אַלץ דער־אומגליקלאַכער קאָסמאָפּאָליטיזם! צו וואָס נאַציאָנאַלע קולטור, אַז מאַרגן פאַרשווינדן אַלע פעלקער? די איינציקע אידישע פראָבלעם איז: גוואַלד, מ'שלאָגט אידן — אַנטי־סעמיטיזם. נו, וועט די סאָציאַלע רעוואָלוציע דאָס ערליי־דיקן... די יאַנג סוירקל ליג איז דאָך סימפּאַטיש צו די אידעאַלן פון דער אַרבעטער באַוועגונג...

העברי פאָרד האָט אַמאָל געזאָגט וועגן אַמעריקאַנער שמעלץ־טאָפּ: אין אַמעריקע ווילן זיך די אידן ניט אויס־שמעלצן אין שמעלץ־טאָפּ, נאָר דעם טאָפּ גופא ווילן זיי צעשמעלצן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ בייזוויליקע באַמערקונג. העברי פאָרד איז נאָך דעמאָלט גע־

ריטן אויף זיין פערדל פון אַנטיסעמיטיזם. אָבער אין דעם איז פאַראַן אַ שטיק אמת.

אידן אין אַמעריקע פאַרשווינדן ניט. די אַנדערע פעלקער אין אַמעריקע גייען אויך ניט אונטער. אמת, די פעלקער קומט אוים שווער צו קעמפן. די הערשנדיקע אַמעריקאַנער בורזשואַזיע וויל אויסגלייכן אַלץ: מאַסן־פּראָדוקציע אויפן גייסטיקן געביט, ווי אויפן עקאָנאָמישן. אָבער פאַר וועמען איז קאמף אַן אָפּהאַלט? נאָר פאַר די שוואַכמוטיקע, נאָר פאַר די שרעקעדיקע, נאָר פאַר די, וואָס ווילן אַנטלויפן פון דער געפאַר און ניט באַגעגענען זי.

זאָלן מיר זיך זאָרגן וועגן דער צוקונפט פון די פעלקער? ווי עס וועט זיין מיט אַלע פעלקער, וועט אויך זיין מיט די אידן, — אויב מיר וועלן ניט אַנטלויפן, אויב די יוגנט און אינטעליגענץ וועט פארבלייבן צוזאמען מיטן פאָלק.

אונזער אידעאַל פון אַ יוגנט באַוועגונג איז גאָר אַן אַנדערער. אידיש, אידיש לעבן, אָבער אומעטום, וואו אידן געפינען זיך, נישט דוקא ביי די ברעגן פון ירדן. סאָציאַליזם — אָבער צווישן דעם אַרבעטער קלאַס און מיטן ארבעטער קלאַס, ניט בלויז סימפּאַטיש מיט זיינע אידעאַלן. אינטערנאַציאָנאַליזם, אָבער דאָס מיינט די פאַרברידערונג און ניט די פאַרניכטונג פון די פעלקער. לאָמיר אַזאַ יוגנט באַוועגונג בויען!

*
**

**ריינע וואַטניק:**

## סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען אין דער אידישער ליטעראַטור

די אידישע ליטעראַטור איז ניט געבוירן געוואָרן אַלס אַ סאַלאָן־ליטעראַטור, וואָס אינטעליגענטן און רייכע באַנוצן בלויז אין זייערע קרייזן כדי זיך צו פאַרווילן. די אידישע ליטעראַטור איז געבוירן געוואָרן אין די טיפעניש פון די אידישע מאַסן. זי האָט אירע וואָרצלען אין דעם

פאָלקס־לעבן און ציט איר יניקה פון דעם לעבן און ליידן, האָפענונגען און קאמפן פון די אידישע מאַסן. זייער לעבן, דאָס מאַסן לעבן, האָט סטימולירט און געשטויסן די אידי־שע שרייבער צו געשטאַלטן זייערע וויזיעס און מוטיקן זיי אין זייער קאַמף.

די אנטוויקלונג פון דער אידישער ליטעראַטור גייט האַנט אין האַנט מיטן פראָגרעס פון דער אידישער שפּראַך און דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די אַמאָליקע השכלה־ליטעראַטור איז געווען אַ העברייאישע און איז גע־ווען געמיינט פאַר די לומדים און וואוילקענער. אמת, די השכלה־ליטעראַטור אויף אידיש האָט זיך אָפּגעגעבן מיט געוויסע סאָציאַלע פּראָבלעמען, אָבער דאָס רעאַלע לעבן האָבן זיי ווייניק אָנגערירט. די משכילישע שרייבער האָבן נישט געקענט דאָס לעבן פון די פאָלקס־מאַסן און דערפאַר האָבן זיי געשפונען ראָמאַנטישע, לופטיקע געוועבן.

די העברעאיש־משכילישע ליטעראַטור האָט קיין איינ־פלוס אויף די אידישע מאַסן נישט געהאַט, ווייל זי האָט מער ווי יחידים ניט דערגרייכט, די מאַסן האָט זי נישט באַרירט. ביי די פשוטע אידן איז העברעאיש געווען לשון קודש — אַ תפילה־שפראַך, אָבער אידיש איז געווען זייער לעבנס שפּראַך און דערפאַר האָט די ליטעראַטור אויף אידיש געמוזט אויפנעמען זייער לעבן און זייערע טאָג טעגלאכע פּראָבלעמען.

אין 19טן יאָרהונדערט הייבט די אידישע ליטעראַטור אָן זיך ווידמענען דעם לעבן פון די פאָלקס־מאַסן און זייערע קאַמפן. צוזאַמען מיטן שטייגן פונם רעוואָלוציאָנערן פולס פון די אידישע אַרבעטער־מאַסן וואַקסט דער אינטערעס אין דער ליטעראַטור צו די פּראָבלעמען פון די מאַסן. די חוזק־קלאַג־און מסור־ליטעראַטור האָט אויסגעהויכט איר אָטעם מיט לינעצקים „דאָס פוילישע אינגל” און שאַצקים „אידישער פאַר־פסח”. מענדעלע, כאָטש ער איז נאָך טייל־ווייז אַ מוסר־זאָגער און שטראָפער, הייבט שוין אָן מאָלן

דאָס פאָלקס־לעבן אויף אַ ברייטער קאַנווע, מיט אַלערליי מעלות און חסרונות. איבערהויפּט שטרייכט ער אונטער די הויפּט־פּראָבלעם אין אידישן לעבן — דעם אידישן דלות, די אידישע טאָרבע, די אידישע צוריקגעשטאַנענקייט און אָרימקייט. אַלע זיינע ווערק זיינען רייך מיט שילדערונגען פון אידישע ניט־נאָרמאַלע פּרנסות. „די קליאַטשע״, „די טאַקסע״, „דאָס ווינטש־פינגערל״ און אַנדערע ווערק זיינע זיינען פול מיט פיינע באַשרייבונגען פון דעם אידישן דלות.

געטריבן פון אָט דעם דלות האָבן שפּעטער אידישע שרייבער אָנגעהויבן באַהאַנדלען אַלערליי נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. שלום־עליכם מאָלט שוין די אידישע אומנאָרמאַלקייט אין זיין קלאַסישן העלד מנחם מענדל. דער העלד איז שוין ניט סתם אַ שלעפּער, ווי פישקע דער קרומער, נאָר אַ מענטש וואָס מאַכט געניאַלע פּלענער, מאַכט גאָלדענע קאָמבינאַציעס און ס'לאָזט זיך אויס פון זיי אַ טייך. שולדיק איז די אידישע רעכטלאָזיקייט און באָדנלאָזיקייט. מנחם־מענדל איז דער סימבאָל פון דעם אידישן לופט־מענטשן אין דער היינטיקער, ניט־אָרגאַניזיר־טער געזעלשאַפט. אין טביה דעם מילכיקן האָט אונז שלום עליכם געוויזן די ענדערונגען און רעוואָלוציעס אין דער נשמה פונם פאָלקס־מענטשן. אַ דאַנק די סאָציאַלע ענדע־רונגען אין דעם רוסיש־אידישן לעבן, האָבן זיך געביטן די רעליגיעזע באַגריפן און באַציאונגען צווישן אָרעם און רייך, און די באַגריפן האָבן אָנגענומען אַנדערע פאָרמען. די אַלע פּראָבלעמען, וועלכע מאַטערן טביהן, זיינען דאָך די זעלבע פּראָבלעמען וועלכע האָבן באַשעפטיקט יעדן פּשוטן אידן. שלום עליכם האָט אויפגענומען אַלערליי פּראָבלעמען אין אידישן לעבן אין דער צייט ווען דאָס שטעטל פאַרלירט זיין פעסטקייט און דער איד הייבט אָן וואַנדערן אין שטאָט אַריין און הייבט זיך אָן צופּאַסן צו אַ נייער סביבה. ס'איז איבעריק צו דערמאָנען, אַז אַלע שלום עליכמס העלדן שפּרודלען מיט הומאָר, אַ דאַנק זייער אומבאַהאָלפנקייט.

י. ל. פּרץ אין זיינע „בילדער פון דער פּראָווינץ" באַהאַנדלט אויך די מאָנאָטאָנקייט און אָרימקייט פון אידישן לעבן. שטעטל נאָך שטעטל ווייזט ער פאַר אונז — אומעטום די זעלבע קליינע מענטשן מיט קליינע השגות, און איבער אַלעמען שוועבט דער דלות. קלאַסיש איז זיין אינגל, וואָס בעט אַ שטשיפּיער אויף אָנבייסן און די לבנה זאָל זיין אַ ביסעלע גרעסער.ביידע ערדישע, בלוטיקע פאַרלאַנגען. אָבער נאָך קלאַסישער איז זיין „באָנטשע שווייג", וועלכער קאָן קריגן די גאַנצע וועלט און בעט נאָר אַ בולקע מיט פּוטער אַלע אינדערפרי. דאָס זיינען קרבנות פון דערשלאָגנקייט און דלות.

אָבער פּרצס אומרואיקער גייסט האָט זיך נישט באַנוגנט מיט די פּראָבלעמען פון אָרימקייט און הילפלאָזיקייט. אים האָט געצויגן צו גרעסערע, אַלגעמיינע פּראָבלעמען. אין זיינע חסידישע און פאָלקסטימלאכע מעשיות באַהאַנדלט ער אַלערליי עטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. זייענדיק אַ דינאַמישע נאַטור איז ער געשפרונגען פון די קלענסטע צו די גרעסטע פּראָבלעמען. אין דערציילונגען ווי „ביים גוסס צוקאָפּנס", „אויב נישט נאָך העכער", „דער פרוש מיטן בער", „צווישן צוויי בערג" און אַנדערע באַהאַנדלט ער פּראָבלעמען פון טאַט און געדאַנק, נשמה און קערפּער, גוט און שלעכטס, ווילן און סביבה און אָן אַ שיער אַנדערע. אַ וויכטיקע פּראָבלעם, די פּראָבלעם פון אַן אַנדערער, פון אַ נייער וועלט, באַהאַנדלט ער אין „די גאָלדענע קייט". ר' שלמה, זיין גרעסטער העלדישסטער העלד, וויל באַפרייען די וועלט דורך ניט-מאַכן הבדלה, דורך אייביקן שבת. אַרבעט אין דער איצטיקער קאַפּיטאַליסטישער וועלט איז נישט לויטער צוקער און דערפאַר איז נאַטירלאך ר' שלמהס וועלט אַ שבתדיקע, אַ נשמה יתירהדיקע. פּרצס אַנדערע העלדן אין דער „גאָלדענער קייט" בויגן זיך מער צו די רעאַליטעטן פון לעבן. ספּעציעל בויגט זיך יונתן צום ווילן פון פאָלק און איז גרייט צו שאַפן אַ נייע וועלט מיט פּשוטע מענשן. אין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק"

באַהאַנדלט פרץ אויך אַלגעמיינע עטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. פּרץ האָט אויך אויפגעלעבט די חסידישע וועלט מיט אירע העלדן און פּראָבלעמען, אידישע און אַל־געמיינע.

אויך אין אַמעריקע האָבן אידישע שרייבער באַהאַנדלט דאָס פּראָבלעם פון אידישן דלות, נאָר דאָ האָט עס אַנ־דערע פאָרמען אָנגענומען. דאָ איז שוין נישט געווען דער קליינשטעטלדיקער בעל־מלאָכה, לופט־מענטש און כלי־קודש. דאָ זיינען געווען אידישע אַרבעטער, וואָס האָבן געמאַכט אַן אָרים לעבן אין „סוועט־שעפּער" און האָבן נאָך געדאַרפט צופּאַסן זיך צו אַ ניי לעבן און צו אַן אַנדער אידעאָלאָגיע. באָוושאָווער, ראָזענפעלד, ליעסין, יהואש און אַנדערע אין דער דיכטונג; ליבין, קאָברין, גאָרדין און אַנדערע אין דער פּראָזע האָבן אין זייערע לידער, דערציילונגען און דראַמען געמאָלן דאָס לעבן פון אידישן אַרבעטער, זיין קאַמף, זיינע ליידן, און געוועקט אים צו אַ ניי לעבן. זיי האָבן זיין קאַמף און גלייכצייטיק זיין חלום געמאָלן און אַזויערנאָך געהאָלפן בייטן די פּסיכאָלאָגיע פונם אידישן אַרבעטער.

פּינסקי און רייזען האָבן יעדער אויף זיין שטייגער גע־מאָלן דאָס לעבן פונם דערוואַכטן אידישן אַרבעטער, זיינע דערפאַרונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, זיין איבער־גאַנג פון לופטיקע פּרנסות צו אַרבעט, זיינע קאַמפן מיט די באַלעבאַטים, דעם פאַנאַנדערפאַל פון דער כנסת־ישראל א. ד. גל.

אויך שלום אַש האָט געמאָלן דעם אידישן דלות אין דעם קליינעם שטעטל, נאָר ביי אים איז ער אַ זייַדענער, אַ שבתדיקער, ביי אים איז דאָס שטעטל באַהויכט מיט קדושה. אַש באַהאַנדלט שוין אויך אָן אַ שיער אַנדערע פּראָבלעמען. ער מאָלט דעם אידישן אינטעליגענט, דעם אַסימילאַטאָר, ווי אין „מערי". ער באַהאַנדלט דאָס פּראָ־בלעם פון קאַפּיטאַל און אַרבעט, ווי אין „אָנקל מאָזעס". ער באַהאַנדלט אויך איינע פון די קאַרדינאַלסטע אידישע

פּראָבלעמען — די פּראָבלעם פון קידוש השם. אין זיינע ראָמאַנען „די כשוף-מאַכערין פון קאַסטיליע" און „קידוש השם" באַהאַנדלט ער די גרייטקייט פון אידן זיך מקריב צו זיין פאַר אַן אידייע. אַשם ווערק זיינען פול מיט פּראָבלעמען, אידישע און אַלגעמיינע, און מען וואָלט געדאַרפט רעדן און רעדן כדי זיי צו אַנאַליזירן.

פון די אינגערע שריפטשטעלער האָבן אָפּאַטאָשו און בערגלסאָן, לייוויק און ראבאָי, לייעלעס און האַלפּערן באַהאַנדלט אַלערליי נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. דער אונטערגאַנג פון שטעטל, די דעגענעראַציע פון חסידיזם, דער פאַרשאַרפטער קאַמף צווישן אַלטן און נייעם אידישן לעבן — אַט די פראַגן פאַרנעמען דעם הויפּט-אָרט אין זייערע ווערק. לייוויק אין זיין „גולם" באַהאַנדלט די פּראָבלעם פון אידישער דערלייזונג. אַף אַ מיטלאַלטערלאַכער עלילת-דם לעגענדע בויט לייוויק אַ ריזיק ווערק זוכנדיק אַ לייזונג צו די אידישע צרות. כח אָדער גייסט — וועלכער איז דער וועג? אין זיינע דראַמען „שאָפּ", „שמאַטעס", „קייטן", און אַפילו אין זיינע לידער ווערן באַהאַנדלט אַלערליי אידישע און אַלגעמיינע פּראָבלעמען. אָפּאַטאָשו אין זיינע „פּוילישע וועלדער" באַהאַנדלט דעם פאַנאַנדערפאַל פון חסידיזם. אין זיין „קלאַסן קאַמף", „לינטשעריי" און אַנדערע ביכער באַהאַנדלט ער דעם טאָגטעגלאכן קאַמף פון אידישן אַרבעטער אין אַמעריקע. ראַבאָי אין זיין „איז געקומען אַ איד אין אַמעריקע" און אין „הער גאָלדענבאַרג" נעמט אויף דעם אַדאַפּטירונגס-פּראָצעס פון דעם איד אין דער נייער וועלט. בערגלסאָן אין „אָפּגאַנג" מאָלט דעם אונטערגאַנג, די פוסטקייט און האָפענונגסלאָזיקייט פון אידישן שטעטל. אין „מידת הדין" און אין „צוג ווינטן" מאָלט ער די נייע אידן אין דעם נייעם סאָוועטן-לאַנד.

די אידישע ליטעראַטור איז רייך אין סאָציאַלע און אין נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. סיי לויטן מאַטעריאַל און סיי לויט דער קינסטלערישער באַאַרבעטונג איז עס אוממעג-

לאָך אַפילו צו סקיצירן די וויכטיקע שרייבער און זייערע יוערק.

וויכטיק איז אונטערצושטרייכן, אַז די גרעסטע צאָל אידישע שרייבער האָבן זיך אַלעמאָל צוגעהערט צום אָטעם פון די אידישע אַרבעטער און פאָלקס-מאַסן, געזועקט זיי, אָפגעשפיגלט זייער לעבן, געהאָלפן זיי רייפער מאַכן. די ליטעראַטור האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָליע אין וועקן, פאָרמירן זיין לעבן, זיי גאַנץ מאַכן, און אַלץ דערפאַר ווייל די ליטעראַטור איז געשטאַנען האַרט אויף דער ערד און רעאַל געשילדערט דאָס לעבן. די ליטעראַטור איז געוואָרן דעם אַרבעטערס הויפּט-מיטהעלפער און באַגלייטער אין זיין קאַמף פאַר אַ געזונטן, ריינעם, גאַנצן מענטשן און אַ נייער פרייער וועלט.

*
**

**לילי סאָלאָוויאָוו:**

## ערב „בונד"

אין מאָנאַט סעפּטעמבער פון יאָר 1897 איז אין ווילנע אויף אַ צוזאַמענפאָר פון אידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע גרופּעס געגרינדעט געוואָרן דער „אַלגעמיינער אידישער אַרבעטער בונד פון רוסלאַנד, פּוילן און ליטע". ביים צוזאַמענפאָר זיינען געווען פאָרשטייער פון די שטעט ווילנע, וואַרשע, קאָוונע, מינסק און ביאַליסטאָק. אינגאַנצן זיינען ביי די פאַרהאַנדלונגען געווען עלף מענטשן, צווישן זיי 4 אַרבעטער, 2 אַרבעטערינס און 5 אינטעליגענטן. די פּראָפּאָרציע פון די פאַרטרעטער ווייזט אונז ווער עס האָט דעמאָלט אָנטייל גענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ביי אידן. אַרבעטער, אינטעליגענטן און, וואָס איז געווען אַ נייס אין אידישן לעבן, די אַרבעטער-מיידל, וואָס איז געוואָרן טעטיק און האָט גענומען קעמפן צוגלייך מיט אַלעמען פאַר אַ בעסערן לעבן.

א. קרעמער, איינער פון די וויכטיקסטע סאָציאַליס־טישע טוער פון יענער צייט, וואָס איז אָנוועזנד געווען ביים צוזאַמענפאָר, און האָט אים פריער געהאָלפען צונויפרופן, דערציילט אין זיינע זכרונות:

„דער ערשטער צוזאַמענפאָר אין ווילנע האָט קיין נייע אָרגאַניזאַציע ניט באַשאַפן. ער האָט נאָר פעסטגעשטעלט דאָס וואָס האָט שוין פריער עקזיסטירט, וואָרום פון 1895, און אפשר פריער, זיינען די אידישע סאָציאַליסטישע גרופן געווען פאַרבונדן און קאָנצענטרירט ארום ווילנע. דאָס איז ארויסגעקומען פון זיך אַליין, אָן קיין שום באַשטימונג. דער ערשטער צוזאַמענפאָר האָט נאָר געגעבן אַ נאָמען אַ קינד, וואָס איז פריער געבוירן געוואָרן".

דעמזעלבן פאַקט וועגן מיטאַרבעטערשאַפט צווישן די באַזונדערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופן, דערוויסן מיר זיך אויך פון דעם באַריכט וועגן ערשטן צוזאַמענפאָר, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער „אַרבעטער שטימע", דעם צענטראַלן אָרגאַן פון „בונד", קורץ נאָכן צוזאַמענפאָר. דער פאָרזיצנדער פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָט אין זיין אַריינפיר געזאָגט פאָלגנדיקעס:

„די שטעט האָבן גאַנץ אָפטע און לעבהאַפטע אויפטראַגן איינע מיט די אַנדערע. זיי ביימן זיך מיט מענטשן, מיט ליטעראַטור. זיי העלפן זיך איינע די אַנדערע מיט געלט, אויף וואָס די געלט זאָל ניט גיין — אויף ביכער ארויסצו־געבן, אויף די אַרעסטירטע צו העלפן, אָדער אויף דעם שטרייט פון די אַרבעטער מיט די באַלעבאַטים אונטער־צוהאַלטן.

אַלזאָ, זעען מיר, דאָס פאַקטיש זיינען שוין די שטעט פאַרבונדן. עס איז געבליבן מער ניט איין זאַך, די דאָזיקע פאַקטישע פאַראייניקונג אריינגיסן אין אַ פורעם, עס זאָל האָבן אַ געוויסן געשטאַלט, אַנטאָן די פאַראייניקונג אין הויט און ביינער".

פון די צוויי אויסצוגן, וואָס איך האָב אקאָרשט גע־בראַכט, איז צו זען אַז די גרינדונג פון בונד האָט געהאַט

אַן אינטערעסאַנטע פאַר־געשיכטע און אַז כדי צו פאַרשטיין די גרינדונג פון בונד מוז מען מער וויסן וועגן ערב־בונד, וועגן די אומשטענדן, אין וועלכע עס האָבן געאַרבעט די ערשטע רעוואָלוציאָנערן, וועגן דעם לעבן פון דער אַרבעטער מאַסע אין די 80קער און 90קער יאָרן.

איך וועל אָנהייבן מיט אַ שילדערונג פון דעם ווי אַזוי דעם אידישן אַרבעטער האָט זיך געלעבט אין יענער צייט.

פריער פאַר אַלץ מוז מען באַמערקן אַז די לאַגע פון דעם אידישן אַרבעטער איז געווען ערגער ווי פון דעם רוסישן. אין די רוסישע פאַבריקן האָט כאָטש עקזיסטירט אַ פאַבריק־אינספעקציע, וואָס האָט טיילווייז באַגרעניצט די עקס־פּלואַטאַציע.

אידישע אַרבעטער זיינען גאָר געווען הפקר. קיין געזעצן וואָס זאָלן באַגרעניצן דעם אַרבעטס־טאָג, באַשטימען דעם מינימום לוין א. ד. גל. זיינען ניט געווען.

דער אידישער אַרבעטער האָט געמוזט אַרבעטן וויפיל דער בעל־הבית האָט געוואָלט. דער ארבעטס־טאָג האָט געדויערט פון 16 ביז 18 שעה. די ערגסטע זאַך איז געווען די נאַכט־אַרבעט פאַר די יום־טובים.

דער אַרבעטס־לוין איז געווען זייער אַ נידעריקער, פון 2 ביז 6 רובל אַ וואָך.

די באַדינגונגען, אין וועלכע אידישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט און געלעבט, זיינען געווען די ערגסטע. זיי האָבן געוואוינט אין אַ שרעקלאכער ענגשאַפט, אין שמוציקע דירות, אָן לופט און אָן ליכט.

אברהם רייזען שילדערט דאָס אָרימע, בידנע לעבן אין זיין ליד „אַ געזינד זאַלבע אַכט״:

„אַ געזינד זאַלבע אַכט און בעטן נאָר צוויי.
און קומט אָן די נאַכט, וואו שלאָפן דאָן זיי ?
צוויי מיטן טאַטן, מיט דער מאַמען,
הענטלאך און פיסלאך געפלאָכטן צוזאַמען.״

ערגער ווי די לאַגע פון די מענער־אַרבעטער איז געווען די לאַגע פון דער אַרבעטער־מיידל.

חנה קאפעלאָוויטש, אַ אידישע אַרבעטער מיידל, וואָס איז שפּעטער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, דערציילט וועגן די אַרבעטס-באַדינגונגען פון יענער צייט:

„יונגערהייט האָב איך געאַרבעט אין אַ קליינער צוקערקע-פאַבריקל, וואו עס זיינען געווען באַשעפטיקט נאָך אַ פּאָר אַנדערע מיידלאַך. עס פלעגט אונז אויסקומען צו אַרבעטן 14—15 שעה אַ טאָג און אונזער פאַרדינסט איז געווען ניט מער ווי 25 קאָפּיקעס אַ וואָך. אויב מען פלעגט ארבעטן אויפן זעלבן פּלאַץ אַ פּאָר יאָר, פלעגט דער בעל-הבית מרחם זיין זיך און געבן נאָך אַ פּאָר קאָפּיקעס.

שפּעטער, צו 15 יאָר, בין איך אָנגעקומען אין אַ פּאַפּיראָסן-פאַבריק. אין פאַבריק האָט מען קיין האָניק ניט געלעקט. עס איז אויסגעקומען געגנוג אויסצושטיין. מע פלעגט דאַרפן טראָגן האָלץ אויפן דריטן שטאָק, און יעדערער נאָך דער ריי הייצן די אויוונס און אויסקערן די פאַבריק. די שווערסטע אַרבעט פלעגט זיין — אויסקערן די פאַבריק. דער שטויב פלעגט ווערן אַזוי גרויס, אַז מע פלעגט זיך אַליין ניט זען, און טאָמער פלעגט איבערבלייבן איין שטויבעלע אָדער אַ שטיקל פּאַפּיר, פלעגט מען שטראָפירן. דער שטראָף איז געווען 25 קאָפּיקעס. שטראָפירן פלעגט מען פאַר יעדער קלייניקייט, ווי למשל, פאַר זינגען און נאָך אַזוינע זאַכן. אין פאַבריק פלעגט מען פאַרדינען אַ רובל אַ וואָך, און ווען מען פלעגט אָפּאַרבעטן דריי חדשים, פלעגט מען ערשט קריגן באַצאָלט פאַר איין חודש. די מיידלאַך פלעגן דעריבער זיין געצוואונגען צו זוכן אַרבעט אויסערן פאַבריק".

זייער צרהדיק האָט זיך אויך געלעבט די לערן-אינגלאַך ביי די בעל-מלאָכות. יאָרן לאַנג פלעגן זיי דאַרפן אָפּפינסטערן אויף דער לער און אויסשטיין אַלערליי נגישות פון בעל-הבית און פון דער בעל-הביתטע.

דער אידישער דיכטער מאַני לייב דערציילט וועגן זיינע קינדער-יאָרן ווען מען האָט אים, אַן עלף יאָריק קינד,

אַוועקגעגעבן פאַר אַ לערן־אינגל צו אַ קאָמאַשן־שטעפּער:

„דאָס ערשטע, וואָס דאָס אינגל האָט אָנגעהייבן לער־נען, איז געווען ווי אַזוי צו שלעפּן פאַר דער בעל־הביתטע די שווערע קוישן פון מאַרק, וויגן אירע קינדער, טראָגן וואַסער פון ברונים, קערן דאָס הויז און לויפן אין מיטן נאַכט זוכן דעם בעל־הבית, וואָס האָט זיך ערגעץ ביי אַ פריינט פאַרשפּילט אין קאָרטן".

דער בעל־הבית איז געווען אַ ליידנשאַפטלאַכער קאָרטן שפּילער.

דאָס ביטערע לעבן האָט דעם אידישן אַרבעטער דער־שלאָגן. טראַכטן ווי אַזוי אויסצובעסערן זיין לאַגע איז אים גאָרניט איינגעפאַלן. ער האָט געמיינט אַז אַזוי ווי ער לעבט מוז שוין זיין, קיין אַנדער אויסוועג איז ניט מעגלאַך.

פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ איז געשטאַ־נען שאַרף די פראַגע:

ווי אַזוי טרעט מען צו צו דער דאָזיקער דערשלאָגענער און פאַרפינסטערטער מאַסע?

דאָס לעבן פון די אַרבעטער איז פאַר דער אינטעלי־גענץ געווען אינגאַנצן פרעמד. נאָך פיל טראַכטעניש איז אָנגענומען געוואָרן די אַלטע פּראָגראַם פון דעם אַזוי גע־רופענעם „גיין אין פאָלק". דאָס האָבן זיי אַראָפּגענומען אַ ביישפּיל פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן.

פאָרשטייער פון דער אינטעליגענץ און לערן־יוגנט האָבן געפּרואווט ארייננדרינגען אין די אַרבעטער־מאַסן, געווינען זייער צוטרוי און אַזוי אויפהייבן זייער קולטורעלן צו־שטאַנד. נאָך דער אַרבעט פלעגן די פאָרשטייער פון דער אינטעליגענץ באַגעגענען זיך מיט די אַרבעטער, פאַרברענ־גען מיט זיי און שפּעטער אויך פאַרפירן געשפּרעכן, זיי דערציילן וועגן אַ נייער וועלט א. ד. גל.

נאָך אַ מיטל ווי אַזוי צוצוקומען נענטער צו דעם אידישן אַרבעטער איז געווען אַליין צו אַרבעטן צווישן זיי אין וואַרשטאַט.

א. זונדעלעוויטש גיט איבער:

„אונז האָט זיך געדוכט אַז לייכטער פאַר אַלץ איז אריינצודרינגען אין די אַרבעטער־מאַסן ווען מען איז אַליין אַן אַרבעטער. צוליב דעם האָבן מיר געהאַלטן, אַז ס'איז זייער וויכטיק אויסצולערנען זיך עפּעס אַ מלאָכה.

מיר האָבן געדונגען אַ אידן, אַ שוסטער, וועלכער פלעגט קומען צו מיר אָדער מיין חבר אַהיים אויף 2—3 שעה און לערנען אונז שוסטעריי.

דערביי האָבן מיר געפּרואווט אויפקלערן און פּראָפּאַגאַנדירן אונזערע לערער. קיין דערפאָלג האָבן מיר אָבער ניט געהאַט. אונזערע רייד האָבן אויף אים גאָרניט געווירקט".

אין די אַכציקער יאָרן זיינען שוין די ערשטע זוימען פון סאָציאַליזם געוואָרפן געוואָרן. דורך דער אינטעליגענץ האָבן זיך שוין געהאַט געגרינדעט געהיימע קרייזלאך פאַר זעלבסט־בילדונג און אויך קליינע ביבליאָטעקן.

דאָס לעבן פון די דאָזיקע קרייזלאך איז געווען עפּעס גאָרניט קיין געוויינלאכס. אין אַ באַזונדער, פאַרשפּאַרט צימערל פלעגן זיך יונגעלייט און מיידלאך צונויפקומען, אָבער מען פלעגט ניט טאַנצן, שטיפן אָדער סתם פאַרברענגען, נאָר כסדר סודען זיך, לייענען ביכער און זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער א. ד. גל. אָפט פלעגן זיי שפּאַצירן, אָבער אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע מענטשן.

די באַלעבאַטישע וועלט האָט זיך צו די דאָזיקע קרייזלאך באַצויגן מיט חוזק און שפּאָט. אין יעדער שטאָט האָט מען די פּיאָנערן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג געקרוינט מיט אַן אַנדער נאָמען.

אין ווילנע האָט מען די מענער גערופן „די פילאָזאָפן" און די פרויען פלעגט מען נאָכשרייען „די צובויגענע היט". אין ביאַליסטאָק האָט מען זיי גערופן „די קאָמונע מיט דער שיסל". אין בריסק האָט מען זיי אַ נאָמען געגעבן „די צער־בעלי־חיים". שפּעטער האָבן די אידישע באַלעבאַטים אַזוי דערקלערט דעם נאָמען „צער־בעלי־חיים" —

מענטשן וואָס אַנערקענען ניט קיין צאַר און לייקענען אויך אין גאָט.

אַלע נאַרישע נעמען מיט וועלכע מען פלעגט אָנרופן די ערשטע סאָציאַליסטן האָט מען גענומען פאַרגעסן ערשט דעמאָלט ווען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער, ווען אין איר זיינען אריינגעצויגן געוואָרן פשוטע בעל־מלאָכות, צומאָל אַפילו עלטערע אידישע ארבעטער אויך.

דאָס איז געשען אין די 90ער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט.

אין יענער צייט הויבן אָן די אידישע אַרבעטער פון ווילנע, מינסק, וואַרשע און אַנדערע גרויסע שטעט אַ גרויסע אַרבעטער מאַסן־באַוועגונג. זיי הויבן אָן צו פירן מיט די באַלעבאַטים אַ ביטערן קאַמף צו פאַרבעסערן זייער קלאָגעדיקע עקאָנאָמישע לאַגע, זיי ווילן אַז די באַלעבאַטים זאָלן כאָטש אָפּהיטן דעם געזעץ וועגן אַ 12 שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. דאָס געזעץ איז ארויסגעגעבן געוואָרן נאָך אין די צייטן פון יעקאַטערינע דער צווייטער, אָבער נאָך דעם האָט מען וועגן דעם פאַרגעסן און קיינער האָט אים ניט אָפּגעהיט. עמיצער האָט דאָס געזעץ איצט אויסגעפונען און דאָס האָט געגעבן די אַרבעטער אַ מעגלאכקייט צו פאָדערן בעסערע באַדינגונגען.

אין דער באַוועגונג זיינען שנעל אריינגעצויגן געוואָרן די אידישע אַרבעטער־מאַסן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פעריאָדע פון „סטרייקיזם”. די סטרייקס זיינען געוואָרן זייער פאָפּולער. אַרבעטער פלעגן אומעטום אָפּשטעלן די אַרבעט. די באַלעבאַטים האָבן געפּרואווט פּראָטעסטירן, זיי האָבן זיך אַפילו געווענדט צו דער פּאָליציי אָבער די פּאָליציי האָט דערקלערט אַז זי קאָן וועגן דעם גאָרניט טאָן ווייל דער קאַמף איז ניט קיין פּאָליטישער נאָר אַ ריין־אידישער ענין.

ס'איז אַזוי אָנגעגאַנגען אַ פּאָר יאָר ביז די רעגירונג האָט זיך געכאַפּט. זי האָט אָנגעהויבן באמערקן אַז עס

אַנטשטייט אַ מאַסן באַוועגונג וואָס באַקומט אַ רעוואָלו־ציאָנערן כאַראַקטער און שטעלט אין געפאַר די איינגע־שטעלטע אָרדנונג.

די רעגירונג האָט אָנגעהויבן אַרעסטירן און פאַרשיקן די סטרייק־פירער קיין סיביר. זי האָט אויך אָנגעהויבן נאָך שטאַרקער צו אונטערדריקן די אַרבעטער־מאַסן.

די נייע פאַרפאָלגונגען האָבן אָבער דערגרייכט די פאַרקערטע רעזולטאַטן. די אידישע אַרבעטער־מאַסן האָבן ערשט איצט אָנגעהויבן פאַרשטיין אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף איז ענג פאַרבונדן מיט דעם פּאָליטישן קאַמף און מען קען איינעם פון אַנדערן ניט אָפּטיילן.

דערוויייל האָבן די סטרייקס ניט אויפגעהערט. אין 1895 איז אין ביאַלאָסטאָק פאָרגעקומען זייער אַ גרויסער סטרייק. 26,000 וועבער האָבן געסטרייקט צוליב דעם וואָס מען האָט איינגעפירט פאַבריק־ביכלאַך, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַ נייער גזרה.

וואָס פאַר אַ ווירקונג האָט די סטרייק־כוואַליע געהאַט אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג?

דער אומדערוואַרטעטער גרויסער וואוקס פון דער אַר־בעטער־באַוועגונג האָט געטראָפן די סאָציאַליסטישע קרייז־לאַך אינגאַנצן ניט צוגעגרייט. זיי האָבן עס ניט דער־וואַרט, ווייל דאָס האָט ניט געשטימט מיט זייער וועלט־אָנשויאונג, מיט זייערע פּלענער און אויסרעכענונגען. ווייטער אַנגיין ווי פריער האָט מען איצט ניט געקענט. ס'איז אויפגעקומען די באַדערפעניש אין אַ צענטראַלער קערפּערשאַפט, וואָס זאָל אָרגאַניזירן די אַרבעטער, אויס־אַרבעטן פאָדערונגען, אויסקלייבן אַ צייט, וואָס זאָל זיין באַקוועם פאַר סטרייקן און שפּעטער פירן אונטערהאַנד־לונגען מיט די באַלעבאַטים.

עס האָט אויך געמוזט פאָרקומען אַן ענדערונג אין דער אַגיטאַציע־אַרבעט און אין דער פאָרם פון פּראָפּאַגאַנדע. אַנשטאָט קליינע קרייזלאַך פאַר בילדונג איז אויפגעקומען די באַדערפעניש פאַר אַ ברייטער אַגיטאַציע צווישן דער

אַרבעטער־מאַסע. דאָס האָט געפאָדערט אַ גרינטלאכע ענ־
דערונג אין די אופנים פון דער אַרבעט. דער פאָלגענדער
פּלאַן פון אַ רעפאָרם איז אָנגעמערקט געוואָרן דורך די אָנ־
פירער פון דער ווילנער באוועגונג:

„ע ר ש ט נ ס, מוז מען גרינטלאך רעאָרגאַניזירן די
פאַך קאַסעס און פאַרוואַנדלען זיי אין קאַמפּס־געזעלשאַפטן
(די קאַסעס זיינען געווען אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטער פאַר
קעגנזייטיקער הילף, צו וועלכע עס האָבן אַמאָל אויך באַ־
לאַנגט די באַלעבאַטים). מען דאַרף די קאַסעס אויסנוצן
פאַר רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, אריינברענגען אָרדענונג אין
דעם סטרייק־קאַמף.

צ ו ו י י ט נ ס, דאַרף מען צופּאַסן די קרייזלאך צו
דער אויפגאַבע אויסצואַרבעטן אַרבעטער־אָנפירער פון אַ
מאַסן־באוועגונג. דעריבער דאַרף מען אין די קרייזלאך נאָר
אָננעמען אַקטיווע אַרבעטער, וועלכע זיינען פעאיק און
ווילן זיך פאַרנעמען מיט אַגיטאַציע. די אַרבעט אין די
קרייזלאך דאַרף זיך באפרייען פון שול־כאַראַקטער און דער־
נענטערן זיך צום לעבן.

ד ר י ט נ ס, דאַרף די אַרבעט אין די קרייזלאך גע־
פירט ווערן גרעסטנטיילס אויף אידיש, כדי מען זאָל קענען
צוציען צו זיי אַלע פּראָלעטאַריער וועלכע זיינען פעאיק צו
פירן אַן אַגיטאַציע אַרבעט".

די נייע פּראָגראַם (זי איז פאָרמולירט געווען אין דער
בארימטער בראָשור וועגן פּראָפּאַגאַנדע פון א. קרעמער)
האָט באוויזן וואונדער אויפצוטאָן. אין אַ סך שטעט זיינען
געשאַפן געוואָרן סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּן און ס'איז
אַפילו מעגלאך געוואָרן אַ פאַרבינדונג צווישן זיי. ס'האָט
גענומען דערשיינען פּראָפּאַגאַנדע ליטעראַטור, ס'האָבן זיך
גענומען באווייזן אויפרופן, צייטונגען.

די צאַרישע רעגירונג האָט אָבער אויך ניט געשוויגן.
זי איז ארויסגעטראָטן קעגן דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט
מיט איר גאַנצער פיינטשאַפט און אכזריות. טורמע, פאַר־

שיקונגען, סיביר — דאָס איז געווען דער ענטפער אויפן פרייהייטסקאַמף פון די אידישע אַרבעטער.

עס איז אויפגעקומען די געפאַר אַז צוליב די שווערע פאַרפאָלגונגען זאָל די גאַנצע באַוועגונג ניט אומקומען, זאָל ניט צעשטערט ווערן די פאַרבינדונג צווישן די באַזונדערע שטעט. דער ענטפער אויף די פאַרפאָלגונגען פון דער רעגירונג איז געווען די גרינדונג פון „בונד".

ביי דער גרינדונגס-קאָנפערענץ האָט דער פאָרזיצער אַזוי דערקלערט די דעמאָלטיקע לאַגע:

„אומעטום, וואו נאָר די אידישע אַרבעטער נעמען קעמפן קעגן זייערע באַלעבאַטים, איז גענוג אַז מען זאָל נאָר האָבן אַביסל אַ חשד אויף אַ מענטשן און מען נעמט אים באַלד צו. צענדליקער מענטשן ווערן צוגענומען, ווערן אריינגעוואָרפן אין די טורמעס און בלייבן דאָרטן חדשים לאַנג. די פאָליציי וואַרפט זיך איבערהויפּט אויף די יעניקע אַרבעטער, וואָס זיינען די פירער פון דער באַוועגונג, און איבער דעם וואָס זיי ליידן מער ווי אַלע אַנדערע, קאָן צעריסן ווערן די פאַרבינדונג צווישן די שטעט. אויב דאָס וואָלט פּאַסירט, וואָלטן די שטעט אָפּגעזונדערט געוואָרן איינע פון די אַנדערע און די באַוועגונג וואָלט אומגעקומען. קעגן דעם איז פאַראַן נאָר איין מיטל: צו גרינדן אַ צענ-טראַלע צווישנשטאָטישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע. מען זאָל פאָרמירן אַ פאַריייניקטן און שטאַרקן פּראָלעטאַריאַט פון אַלע שטעט צוזאַמען, וואָס זאָל קאָנען ארויסטרעטן מיט זיינע פאָדערונגען, און דעמאָלט וועט מען זיך מיט אונז מוזן רעכענען. אַקעגן די פאַרפאָלגונגען פון דער רעגירונג די איינהייט פון אידישן פּראָלעטאַריאַט".

אין סעפּטעמבער פון יאָר 1897 איז די פאַריייניקונג געשאַפן געוואָרן. די נייע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָנגערופן „דער אַלגעמיינער אידישער אַרבעטער בונד פון רוסלאַנד, פּוילן און ליטע".

א. קרעמער, איינער פון די גרינדער פון בונד, איז פולשטענדיק גערעכט, ווען ער דערציילט אונז אין זיינע

זכרונות, אַז דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון בונד, ווען די אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן, — האָט נאָר געגעבן אַ נאָמען אַ קינד, וואָס איז שוין פריער „געבוירן געוואָרן". אָבער ווער האָט געלערנט דאָס קינד צו שטעלן די ערשטע טריט, ווער האָט עס געהאָדעוועט און דערצויגן, ווער האָט עס געלערנט די מידות פון קאַמף און רעוואָלוציאָנערן מסירת־נפש? — דאָס איז געווען דער אויפטו פון בונד, וואָס מיר פייערן היינט זיין 35־יאָריקן יובילעאום פון העראָישער און רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט צווישן די אידישע אַרבעטער־מאַסן פון פוילן, ליטע און רוסלאַנד.

*
* *

**רחל לוטין:**

# דער „בונד" און זיין ווירקונג אויף דער אידישער שפּראַך און קולטור

דר. מאַקס ווײַנרייך האָט ריכטיק געזאָגט, אַז דעם ווינקלשטיין פון אידישיזם האָט אַוועקגעלייגט די אידישע אַרבעטער באַוועגונג. פון פאָלקס־שפּראַך צו נאַציאָנאַל־שפּראַך — אָט דאָס איז דער וועג וואָס אונזער אידישער לשון האָט געהאַט דורכצומאַכן. און ווען דער שניידער־יונג האָט אויפגעהערט זיין אַ פלעק אין דער משפחה און די וועלט האָט דערזען אין אים דעם בויער פון אַ גליק־לאַכער צוקונפט — אין יענעם מאָמענט האָט טריאומפירט די אידישע שפּראַך.

יעדער פאָלק שטרעבט נאָך קולטור — נאָר מער פון אַלץ צו אַנטוויקלען די אייגענע שפּראַך. אַזוי איז ביי אַלעמען, נאָר ניט ביי אידן. און אַפילו ניט אַלע אידן האָבן דיזעלביקע מיינונג וועגן דער שפּראַך. אַ סך אידן ווילן זיך שפּראַכלאַך אַסימילירן. עס זיינען אויך דאָ העברייאיסטן וועלכע האַלטן די אידישע שפּראַך פאַר אַ נידעריקן גאַסן־זשאַרגאָן און ווילן אויפלעבן די הייליקע

העברייאישע שפּראַך. די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער זיי־נען פאַר אידיש קעגן העברייאיש. פאַר זיי איז די שפּראַך־פראַגע ניט גלאַט אַ פראַגע פון נאַציאָנאַליזם, פון אָפּהיטן דעם אידישן גייסט, נאָר פאַר זיי איז די פאָלקס־שפּראַך פאַרבונדן מיט זייער אייגן לעבן, מיט זייערע אַלע האָפנונגען און שטרעבונגען. די אַנטוויקלונג פון זייער שפּראַך איז אַ וויכטיקע לעבנס־פראַגע ספּעציעל ביי די אַרבעטער אין פּוילן און רוסלאַנד.

אויפן פעלד פון קולטור האָט דער בונד ביז צו אַ גע־וויסן גראַד געפירט ווייטער די אַרבעט פון די משכילים. וואָס די השכלה האָט אויפגעטאָן פאַר די רייכע קינדער, דאָס האָט דער בונד געטאָן פאַר די אַרבעטער־מאַסן: גע־בראָכן די ממשלה פון רב און גוטן־אידן, פון בית־המדרש און פון אַלטן ספר, אויסגעוואָרצלט פאַרשימלטע פאַר־אורטיילן און אָפּגעלעבטע טראַדיציעס, צוגעבראַכט דעם אידישן אַרבעטער צו דער נייער אייראָפּייאישער ציווילי־זאַציע און אים געריסן פון געטאָ אַרויס. דער בונד האָט געמוזט אָנהויבן פון אָנפאַנג: פאַרטרייבן די פינסטערניש און שפּרייטן ליכט. דער גרעסטער פאַרדינסט פון דעם בונד אויפן פעלד פון קולטור איז דאָס, וואָס ער האָט דעם אידישן אַרבעטער פאַרוואַנדלט אין אַ קולטור־מענטש, אים געמאַכט פאַר דעם טרעגער פון דער נייער אידישער קול־טור. פריער האָט דער אידישער אַרבעטער ניט געהאַט קיין קולטור־באַדערפעניש, ניט געוואוסט פון קיין קולטור און דערנאָך איז ער געוואָרן דער הויפּט־פאַרשפּרייטער פון דער אידישער קולטור.

מיט פינף־און־דרייסיק יאָר צוריק זיינען די געציילטע ביכער, וואָס זיינען דעמאָלט געווען, געלייענט געוואָרן פון די בעלי־בתישע ווייבלאַך. דער אַרבעטער האָט אָפּטמאָל אַפילו קיין בוך ניט אָנגעזען. נאָר דער בונד האָט פון אָנהויב אָן געוועקט ביים אידישן אַרבעטער אַן אינטערעס אין קולטור, אין וויסנשאַפט, געמאַכט דאָס לייענען אַ

נויטווענדיקייט פאַר דעם אַרבעטער. ער האָט דעם אַר־בעטער אויסגעלערנט קוקן אויף אַ בוך מיט דרך־ארץ, אים געוויזן אַז מען קען זיך פון אַ בוך לערנען. דער „בונד" האָט אויך געקעמפט פאַר קלענערע שטונדן, אַז דער אַרבעטער זאָל האָבן צייט צום לייענען: אַ סך אַר־בעטער האָבן ניט געקענט לייענען, האָט דער בונד עס זיי אויסגעלערנט אין זיינע קרייזלאַך. נאָר קענען לייענען איז נאָך ניט אַלץ. מען מוז פאַרשטיין וואָס מע לייענט. אויף זיינע אָוונט־קורסן האָט דער בונד געלערנט דעם אַרבעטער דאָס עלעמענטאַרסטע וויסן, אָן וועלכן מען קען ניט פאַרשטענדלאַך לייענען, האָט אַנטוויקלט דעם מוח פון דעם אַרבעטער. ער האָט פאַרן אַרבעטער געטאָן דאָס, וואָס די פאָלקס־שולן טוען פאַר אונז. מיט די נייע ווער־טער, מיט וועלכע דער „בונד" האָט רייכער געמאַכט אונ־זער שפּראַך, זיינען געוואַקסן די באַגריפן פון דעם אַר־בעטער און ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן פון אַלץ אַרום אים.

שוין דאָס אַליין, וואָס דער אַרבעטער האָט גענומען ברעכן אַלטע פאָראורטיילן, אָפּשאַפן אַלטע טראַדיציעס — דאָס אַליין האָט געוועקט זיין מוח, אים געצוואונגען צו טראַכטן. אָן דעם אַרבעטער אַלס קולטור מענטש וואָלט אונזער קולטור ניט געווען מעגלאַך. זי וואָלט ניט געהאַט אויף וואָס צו האַלטן זיך.

דער בונד האָט ניט נאָר געשאַפן דעם אידישן אַרבע־טער־לעזער, ער האָט אויך געזען אַז דער דאָזיקער לעזער זאָל האָבן וואָס צו לעזן. מען האָט שווער געאַרבעט כדי צו געבן דעם אַרבעטער אַ בוך אין האַנט. די אידישע ליטעראַטור מיט אַ פיר צענדליק יאָר צוריק איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר צענדליק ביכער. מיט 40 יאָר צוריק האָט דער איד נאָר פאַרמאָגט מענדעלען און דעם אָנפאַנג פון שלום־עליכמען. נאָר מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג איז אויסגע־וואַקסן אונזער רייכע ליטעראַטור. ראָזענפעלד, פּרץ, רייזען און פיל אַנדערע האָבן גענומען פאַר זייערע טעמעס דעם

קעמפנדן אַרבעטער, די שטימונגען פון די אַרבעטער־מאַסן. דער נייער אַרבעטער־קלאַס האָט ניט נאָר געלייענט די ביכער פון אַנדערע; ער האָט אַרויסגעגעבן פון זיך שרייבער. דערמאָנט זיך אָן וויסנבערג, לייוויק, האַלפּערן און פילע אַנדערע. דאָס איז געווען אָן אינדירעקטע ווירקונג פון בונד. אָבער דער בונד האָט אויך געווירקט דירעקט. ער האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אונזערע קינסטלער צו דעם נייעם אַרבעטער־אידן. דער בונד האָט געווירקט אויף פּרצן, פּינסקין און אַנדערע. כדי דער אַרבעטער זאָל קענען לייענען די ביכער פון די שרייבער, האָט דער בונד זיי געדרוקט. מען האָט די ביכער געדרוקט אומלעגאַל אין אויסלאַנד און דערנאָך פאַרשפּרייט אין רוסלאַנד. אָבער קיין וויסנשאַפטלאכע ליטעראַטור איז אין אידיש גאָרניט געווען אויך דערפאַר, וואָס עס זיינען ניט געווען קיין ווערטער אין דער אידישער שפּראַך, מיט וועלכע אויסצודריקן וויסנשאפטלאכע טערמינען. דאָ האָט דער בונד געמוזט אָנפאַנגען פון אָנהויב אָן. ער האָט געשאַפן ווערטער פאַר וויסנשאפטלאכע טערמינען, געדרוקט פּאָפּולערע ביכער, געשריבן און פאַרשפּרייט וויסנשאפטלאכע ווערק.

און דאָס, וואָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן דער פּאָפּולער־וויסנשאפטלאכער ליטעראַטור, קאָן מען אויך זאָגן וועגן אונזער פּובליציסטיק. ביזן „בונד" האָבן מיר קיין אידישע פּובליציסטיק ניט געהאַט. די וואָכנבלעטער, וואָס פלעגן דעמאָלט ארויסגיין, פלעגט מען דרוקן אָן טעם, האַלב אידיש, האַלב רוסיש. די שרייבער האָבן ניט געהאַט וואָס צו זאָגן און האָבן ניט געוואוסט ווי צו זאָגן. פאַר אַ נייעם וועלטלאכן געדאַנק זיינען דעמאָלט נאָך ניט געווען קיין ווערטער, קיין פראַזן. דער „בונד" איז געקומען צו דעם אַרבעטער מיט דעם געדאַנק פון אַ נייער צוקונפט. ער האָט געהאַט אַ סך צו זאָגן און האָט עס געזאָגט לייכטער, איינדרוקספולער. אין אָנהויב איז עס

געוועזן שווער, ווייל די שפּראַך איז געוועזן אָרים. בים־לאכווייז האָט מען זיך אויסגעלערנט שרייבן און די שפּראַך איז געוואָרן שענער, עלאַסטישער, און מען קען זאָגן: די אידישע פּובליציסטיק איז געבוירן געוואָרן און אויס־געוואקסן אויפן שוים פון „בונד“.

גייען מיר אַריבער פון דער שפּראַך צו דעם אינהאַלט. אַלע האָבן דעמאָלט גערעדט וועגן ריין־אידישע פראַגע און פּראָבלעמען. דער בונד האָט זיך מער ווי אַלץ אָפּגעגעבן מיט אַלגעמיינע פּראָבלעמען, און אַפילו אידישע פּראָבלע־מען האָט ער אַוועקגעשטעלט אויף אַן אַלגעמיינעם שטאַנד־פּונקט.

איך קען זיך איצט ניט אָפּשטעלן געניו. איך קען בלויז אָנצייכענען וויפיל דער „בונד“ האָט אויפגעטאָן מיט זיינע אָוונט־קורסן, ליטעראַרישע געזעלשאַפטן און אַרבע־טער־כאָרן אין פאַרשיידענע שטעט. נאָך די ערשטע יאָרן, ווען דער „בונד“ איז געוועזן אומלעגאַל, האָט ער געהאָלפן בויען דאָס בעסערע טעאַטער. ער האָט געגרינדעט דראַ־מאַטישע קרייזן, וועלכע האָבן אויפגעפירט פּיעסן, מערסטנס פון פּרץ הירשביינען. דורך די פאָשטעלונגען האָט דער „בונד“ געווירקט אויף די טעאַטער־גייער און אויך אויף די אַקטיאָרן.

דער „בונד“ האָט אויך פיל געאַרבעט פאַר דער אידישער וועלטלאכער פאָלקס־שול. ער האָט געקעמפט פאַר די פּאָליטישע באַדינגונגען אָן וועלכע אַזאַ שול וואָלט געוועזן אוממעגלאך. ער האָט געוועקט ביי דעם אידישן אַרבעטער דעם ווילן פאַר אַ נייער שול. ער האָט אויך דירעקט פיל געטאָן פאַר דער שול. ער האָט געשאַפן שולן, דעם אידישן קינדער־גאָרטן און די קינדער־היים אין אַ סך שטעט. ער האָט דאָ געוויזן אַ סך איניציאַטיוו, אַוועקגעלייגט אַ סך כחות. אומעטום, וואו עס איז אויפ־געקומען די מאָדערנע אידישע פאָלקס־שול איז דער „בונד“ געוועזן איר בויער און אויפהאַלטער.

געווים, דער „בונד״ האָט קיינמאָל ניט געאַרבייט בלויז פאַר קולטור. אַלץ איז געווען פארבונדן מיט סאָציאַליסטישער פּאָליטיק. אָבער אין „בונד״ איז שטענדיק געווען קלאָר די פאַרבינדונג צווישן קולטור און פּאָליטיק. מען האָט געוואוסט אַז אָן פּאָליטישן קאַמף וועט קיינמאָל ניט זיין די מעגלאכקייט פאַר דער אידישער קולטורעלער אנטוויקלונג; און אַז אָן קולטור איז ניט מעגלאַך קיין באַוואוסטזיניקער קאַמף; אַז אָן קולטור איז אוממעגלאַך פאַר דעם אַרבעטער צו ווערן דער פירער פון זיין אייגענער קלאַסן־באַוועגונג און ענדלאַך איבערצונעמען די פירערשאַפט פון זיין לאַנד. דער אידעאַל פון „בונד״ איז שטענדיק געווען ניט נאָר אַ זאַטער אַרבעטער, נאָר אויך אַ קולטורעלער. ער האָט געוואָלט פאַר׳ן אַרבעטער ניט נאָר שטיוול נאָר אויך שעקספּיר און אַ פאַרשטענדניש פון סאָציאַליזם.

ניט אַלץ וואָס דער „בונד״ האָט געטאָן אויפן פעלד פון קולטור האָט ער געטאָן אָפיציעל אַלס „בונד״. אַ סך איז געטאָן געוואָרן פון איינצלנע אָדער גרופּעס בונדיסטן. אָבער אַלץ איז געטאָן געוואָרן אין גייסט פון „בונד״. מער פון אַלץ האָט דער „בונד״ געשטרעבט דערצו, אַז דער אַרבעטער זאָל זיך אַליין אָרגאַניזירן ארום זיינע קולטורעלע נויטן. די נייע קולטור זאָל אויסוואַקסן פון אים און מיט אים. דער „בונד״ האָט צונויפגעבונדן קולטור־אַרבעט און פּאָליטישע טעטיקייט. אויסגעוואַקסן אין פּראָצעס פון זיין קאַמף, האָט דער „בונד״ שטענדיק געהאַט אין אויג יעדע נויט פון אַרבעטער. דער „בונד״ האָט געוואוסט אַז ער אַליין וועט מוזן אונטערשטיפּן און צולייגן אַ האַנט אין דעם קולטורעלן קאַמף.

מען מוז געדענקען, אַז עס נעמט יאָרן־לאַנג צו אנטוויקלען אַ מאַסע קולטורעל. און די אידישע קולטור־אַרבעט האָט געהאַט באַזונדער שווערע שטערונגען צו באַגעגענען: די אָפּגעשטאַנענקייט פון די אַרבעטער, די פאַרפאָלגונגען

פון די רעגירונגען, און עקאָנאָמישן דלות. און מען טאָר זיך ניט אָפּנאַרן. דער וועג פון דער אידישער קולטור איז נאָך גענוג שווער און לאַנג. אָבער ווען מען פאַר־גלייכט די קולטורעלע לאַגע פון די אַרבעטער מיט 35 יאָר צוריק מיט די אַרבעטער פון היינט, מוז מען זיך וואונ־דערן. איצט פעלט אונז נאָך אַ סך. אָבער דעמאָלט האָבן מיר גאָרניט געהאַט. איצט ווייסן מיר וויפיל אונז פעלט, אָבער מיט 35 יאָר צוריק האָבן מיר גאָרניט געוואוסט און גאָרניט געוואָלט וויסן.

ווען מיר וואַרפן אַן אויג צוריק אויף דעם 35־יאָריקן קאַמף פאַר קולטור פונ׳ם אידישן אַרבעטער, זיינען מיר שטאָלץ מיט דער פאַרגאַנגענהייט און פול מיט האָפנונג פאַר דער צוקונפט. זאָל דער אַרבעטער נאָר ניט פאַרלירן דעם צוטרוי אין זיינע כחות און ניט פאַרלירן זיין מוט, וועט ער פאַרענדיקן דאָס וואָס ער האָט אַזוי וואונדערבאַר שיין אָנגעפאַנגען.

*
**

**בערטאַ קלעבאַנאָוו:**

## די פּאָליטישע ווירקונג פון „בונד״

מיין טעמע איז די פּאָליטישע ווירקונג פון בונד אויף דער אידישער אַרבעטער גאַס. איך וועל עס פּרובירן טאָן אַזוי קורץ ווי מעגלאַך.

ווען מען פאַנגט אָן רעדן וועגן דעם בונד, שטעלט זיך גלייך די פראַגע: וואָס עפּעס אַ באַזונדערע אידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע? די פראַגע קען אָבער גע־שטעלט ווערן נאָר דעמאָלט, ווען מען איז ניט באַקאַנט מיט די באַזונדערע אומשטענדן פון די אידישע מאַסן אין דער דאַמאָלטדיקער צאַרישער רוסלאַנד. דער, וואָס איז אָבער מער אָדער ווייניקער באַקאַנט מיט יענער לאַגע, וועט אַזאַ פראַגע, דוכט זי מיר, גאָרניט שטעלן. צוליב

די אייניקע, וואָס זיינען אָבער נישט באַקאַנט מיט יענער צייט, דענק איך, אַז עס איז וויכטיק אָפּצושטעלן זיך אויף אַ ווײַלע אויף דער לאַגע אין רוסלאַנד מיט עטלאכע דרייסיק יאָר צוריק, פאַר דער גרינדונג פון דעם „בונד״.

רוסלאַנד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אין יענער צייט אַ גרויס לאַנד, וואו עס הערשט דער ווילקיר פון דעם צאַר און זיינע משרתים. דער גרעסטער טייל פון דער באַפעל־קערונג האָט געלעבט שטענדיק אין אָרימקייט, אין פינ־סטערניש, איז געווען פאַרשקלאַפּט און אומוויסנד. מען האָט גאָר קיין באַגריף ניט געהאַט פון אַ בעסערן, פרייערן לעבן ביז עס זיינען געקומען די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען און האָבן אָנגעהויבן קעמפן פאַר פרייהייט.

די אידישע באַפעלקערונג, אַזוי ווי די רוסישע, האָט געליטן פון די זעלבע צרות פון דער טיראַנישער זעלבסט־הערשאַפט. אָבער זי האָט געליטן נאָך מער ווי אַ נאַציע. ביי די אידן זיינען צוגענומען געוואָרן זייערע מענטשלאכע רעכט אַלס בירגער פון לאַנד. זיי זיינען צוזאַמענגעשטיקט געוואָרן אין אַ פּאָר ווינקלאך פון לאַנד, וועלכע זיי האָבן קיינמאָל נישט געטאָרט פאַרלאָזן. זיי איז פאַרווערט גע־ווען צו באַאַרבעטן ערד, צו וואוינען אין דערפער. זיי האָבן ניט געהאַט קיין רעכט צו פאַרנעמען רעגירונגס־שטע־לעס, אין באַגרעניצטע צאָלן זיינען זיי אריינגענומען גע־וואָרן אין שולן און אין אוניווערסיטעטן. די אידן האָבן געליטן פּאָליטיש, עקאָנאָמיש און קולטורעל.

פאַרשטייט זיך, אַז די נישט נאָרמאַלע לאַגע האָט גע־ווירקט זייער שלעכט אויף די אידן בכלל און אויף די אידישע באַלמעלאָכעס און אַרבעטער בפרט. זיי זיינען עקספּלואַטירט און באַליידיקט געווען אי אַלס אידן, אי אַלס אַרבעטער, ווייל אַלס אַרבעטס־געבער זיינען די אידישע באַלעבאַטים נישט געווען בעסער פון די רוסישע און די לאַגע פון די אידן איז געוואָרן אַזוי דערשלאָגן און דערנידעריקט, אַז עס האָט זיך געדאַכט אַז קיין האָפענונג פאַר בעסערס איז שוין נישטאָ.

כדי שאַרפער ארויסצוברייננגען די גוואַלדיקע ראָלע וואָס דער „בונד” האָט געשפּילט אין דער אויפוואַכונג פון די אידן אין די שטעט און שטעטלאך, וועל איך עס אייך אילוסטרירן מיט אַ פּאָר פאַקטן.

נעמט, למשל, די שתדלנות און גרעפּט וואָס האָט זיך אין יענער צייט פאַרשפּרייט ביי די אידן פון אַלע שטעט און שטעטלאך. מיר אַלע ווייסן ווי מיאוס און נידעריק עס איז פאַר אַ פאָלק צו שאַפן און לעבן אין אַזעלכע באַדינ־גונגען. פון דער צווייטער זייט איז דאָס אָבער געווען אַ וויכטיקע באַדערפניש פאַר זיי.

ניט זייענדיק גלייכבאַרעכטיקט מיט אַלע בירגער פון לאַנד, האָט יעדער קליינער און גרויסער באַאַמטער געפונען שטענדיק אויף דעם אידן פאַרברעכנס, געצאַפּט געלט פאַר יעדער קלייניקייט, און מען איז געווען צופרידן וואָס מען קאָן זיך אמווייניקסטן אויסקויפן. ווען דער באַאַמטער איז אָבער געווען פון די אמת׳ע רשעים און דערצו נאָך אַ פאַרביסענער שונא ישראל, אַזוי אַז געלט האָט שוין אויך נישט געהאָלפן, איז מען דאַן אָנגעקומען צו די שתדלנים. דער און דער גביר, האָט מען געוואוסט אין שטעטל, איז אַ גוטער ברודער מיטן גובערנאַטאָר אָדער מיט אַ באַאַמטן און מען האָט אים געטריבן מיט גוטן און מיט בייזן בעטן פאַר די פאַרזינדיקטע, זיי צו ראַטעווען פון גרויסע שטראָפן אָדער טורמעס. פיל מאָל פלעגט זיי זיך איינגעבן אויפצו־טאָן פיל גוטס פאַר די געליטענע, און אַזוי איז בּיסלאכוויז ביי די אידן אַנטוויקלט געוואָרן אַ גאַנצע גרופּע שתדלנים, ביז עס איז געקומען צו דעם אַז אייניקע פון זיי האָבן שוין פון דעם געמאַכט אַ גאַנץ געשעפט.

אָט־אָ די שתדלנים, אָדער גבירים, זיינען אויך געווען די פירער פון די אידישע קהלות אין רוסלאַנד און פוילן. אָט־אָ די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט אויפגעפּאַסט אויף די אידישע אינערלאכע ענינים און האָט זיך מערסטנס אָפּגע־געבן מיט רעגולירן דאָס רעליגיעזע און געזעלשאַפטלאכע

לעבן פון דער אידישער באפעלקערונג, און פאַר די צוועקן האָט זי זיך אַלעמאָל געניטיקט אין געלט. זי האָט אויך גערדאַרפט אויפהאַלטן אַלע רעליגיעזע פערזאָנען, ווי למשל, ראַבאָנים, דאַיאָנים, כאַזאָנים און אויך שולן, אַ באָד און תלמוד תורות. די רעגירונג האָט איר דערלויבט צו טאַק־סירן אירע מיטגלידער. די טאַקטע, אָדער קאַראָבקע, ווי מען האָט עס גערופן, איז געווען אַ קוואַל פון צרות פאַר דעם אָרימען אידישן אַרבעטער. עס איז נישט געווען קיין איין פּראָדוקט, אויף וועלכן די טאַקסע האָט נישט אַרויפ־געלייגט אַ שטייער. די סאַמע נויטיקסטע פּראָדוקטן, ווי למשל פלייש, ליכט, זיינען שווער באשטייערט געוואָרן; אַזוי אַז פאַר דעם אָרימען אַרבעטער איז עס געווען גאָר אוממעגלאך צו געניסן אַ שטיקל פלייש, ער פלעגט זיך עס פאַרגינען נאָר אין אַ שבת אָדער יום־טוב. אַחוץ דעם האָט מען געריסן פון דעם ארבעטער געלט פאַר דעם רעכט וואָס די קהלה האָט אים געגעבן צו ארבעטן. כמעט אַלע ארבעטער, ווי למשל, שוסטער, שניידער, סטאָליאַרעס און נאָך אַזעלכע האָבן גערדאַרפט באַצאָלן עקסטראַ שטייערן פאַר דער דערלויבניש צו ארבעטן. און פון די אַלע שטייערן, וואָס מען האָט געריסן פון די אָרימע מאַסן, האָט דער ארבעטער גאָרנישט גענאָסן. די געלט איז אַלעמאָל פאַר־שווענדט געוואָרן פון די רייכע פאַראַזיטן, די קהל׳שע באַאַמטע, די רעליגיעזע אָנפירער און די רעליגיעזע שתדלנים.

***

איצט לאָמיר זען וואָס ס׳איז געווען די ווירקונג פון „בונד״, אונטער די אומשטענדן, אויף דער לאַגע פון די אידישע מאַסן.

עס איז נישטאָ קיין איין ווינקל אין לעבן פון דעם אידישן אַרבעטער, וואו די לערע און ווירקונג פון „בונד״ האָט ניט דערגרייכט. די פּאַרטיי האָט אין אַ גאָר קורצער צייט געקראָגן זייער אַ גרויסע אָנהענגערשאַפט. די אָנ־

פירער אירע זיינען געווען מענטשן איבערגעגעבענע צו דעם אידעאַל מיט זייער גאַנצן לעבן. אַלס אַ פּאָליטישע פּאַרטיי איז דער „בונד" אינגיכן געוואָרן אַ גרויסער און נייער פאַקטאָר אין דעם פּאָליטישן לעבן פון ליטע און פּוילן און שפּעטער פון רוסלאַנד, וואו די מערהייט פון די אידישע אַרבעטער־מאַסן איז געווען קאָנצענטרירט. דער „בונד" האָט פּשוט גענומען דערשלאָגענע, דערנידעריקטע און רעכט־לאָזע אַרבעטער און האָט זיי דערצויגן צו ווערן פרייע מענטשן, בראַווע קעמפער און באוואוסטזיניקע אַרבעטער, און האָט פון זיי געמאַכט איבערגעגעבענע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אַפילו צו פאַרלירן זייער לעבן פאַר דער גערעכטער זאַך.

דער „בונד" האָט אין דעם אידישן אַרבעטער דערוועקט אַ געפיל פון אַ מענטשלאכער און נאַציאָנאַלער ווירדע, דער ארבעטער האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ פון דער פריערדיקער געפאַלנקייט, און אַלס אַ מיטמענטש פון אַ ציוויליזירטן לאַנד האָט דער אידישער אַרבעטער אָנגע־הייבן פאָדערן זיין גלייכבאַרעכטיקונג. דער „בונד" איז געווען די ערשטע אידישע פּאָליטישע ארבעטער פּאַרטיי, וואָס איז אנטשטאַנען אויף דער אידישער אַרבעטער־גאַס און אַ דאַנק דעם „בונד" האָט דער אידישער אַרבעטער אָנגעהייבן צו פאַרשטיין אַז די אידישע פּאָלקס־מאַסן, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פעלקער, האָבן וויכטיקע נאַציאָנאַלע אינ־טערעסן, און אונטער דער פירערשאַפט פון „בונד" האָבן די אידישע אַרבעטער אָנגעהייבן אַרויסשטעלן אַלערליי נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. עס איז געווען דער „בונד" וואָס האָט פּאָליטיש דערצויגן אַזאַ אומוויסנדע מאַסע און האָט פון איר געשאַפן אַ שטאַרקע פּאָליטישע קראַפט. דער בונד איז געווען דער שטאָלץ און כח פון דער אידישער ארבעטער־גאַס.

עס וועט ניט זיין איבערטריבן צו זאָגן, אַז דער בונד איז געווען די ערשטע און איינציקע פּאָליטישע קאַמף־

אָרגאַניזאַציע צו קריגן אָנערקענונג נישט נאָר ביי אַרבע־טער, נאָר אויך ביי אַ פּולע פון זיינע געגנער, אַלס דער פאַרשטייער פון די אידישע אַרבעטער. אַ דאַנק דעם בונד האָט דער ארבעטער אָנגעהייבן צו פאַרשטיין, אַז נים דורך שתדלנות, נאָר דורך רעוואָלוציאָנערן קאַמף, צוזאַמען מיט דער אַלגעמיינער אַרבעטערשאַפט, וועלן זיי קענען אויסקעמפן זיין גלייכבאַרעכטיקונג.

דער „בונד" האָט געהאָלפן אָפּשאַפן די געפערלאכע אַטמאָספערע פון שתדלנות און האָט דערמונטערט און דער־צויגן דעם דערנידעריקטן אידן און געמאַכט אים פאַר־שטיין, אַז אויך דער איד איז אַ מענטש, פונקט ווי אַלע מענטשן. דער „בונד" האָט געקעמפט קעגן די שווערע קהלה שטייערן, קעגן דער קאָראָבקע, וואָס האָט זיך אַרויפ־געלייגט אויף די פּלייצעס פון די אידישע אַרבעטער. דער בונד האָט מיט זיין טעטיקייט געהאָלפן פאַרניכטן אַט־אַ די אַלע אַלטע איינגעוואָרצלטע פאָרמען פון לעבן און אויף דעם געביט האָט דער „בונד" באַוויזן וואונדער.
דער „בונד" האָט געוועקט דעם אַרבעטער צום קאַמף נים נאָר קעגן דער טיראַנישער רעגירונג, נאָר אויך קעגן די אידישע בעל־טאַקסעס און זייערע אָנפירער.

דער „בונד" איז געגאַנגען צו די מאַסן, זיי געלערנט, דערצויגן, דערמונטערט צו קאַמף, און האָט זיי אויפגע־הייבן צו דער הויך פון שטאָלצע און קעמפנדיקע מענטשן וואָס זיינען אַלעמאָל גרייט צו קעמפן פאַר פרייהייט און רעכט, צו אידעאַליסטן וואָס האָבן פאַר זייער אידעאַל זייער לעבן אָוועקגעגעבן. אַט־אַ דאָס איז די וואונדערבאַרע, הערלאכע אַרבעט פון „בונד".

יוסף סטאַלניץ:

# די ווירקונג פון „בונד" אויף דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע

35 יאָר „בונד" — דאָס איז פיל מער ווי פינף־און־דרייסיק יאָר עקזיסטענץ פון אַ אידישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. 35 יאָר „בונד" איז 35 יאָר רעוואָלוציע אין אידישן לעבן.

ניט נאָר אין דער אַלטער היים, נאָר אויך ביי אונז אין אַמעריקע האָט די אַרבעטער־באַוועגונג שטענדיק זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון „בונד". דעם „בונד" האָט זיך איינגעגעבן איינצופלאַנצן אַזאַ מין געפיל פון פּאַרטיי־פּאַטריאָטיזם, אַזאַ מין געפיל פון ליבע און געטריישאַפט צו דער מוטער־אָרגאַניזאַציע, אַז ווען די טויזנטער בונדיסטן, וואָס זיינען אין אַמעריקע אריינגעקומען, זיינען אַפילו אַוועק אויף אַנדערע וועגן, איז אָבער זייער וואַרימע באַציאונג צום „בונד" ניט אָפּגעקילט געוואָרן.

דער אידישער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע האָט דער „בונד" צוגעשיקט איר בעסטן מענטשן־מאַטעריאַל, אירע פירער, טוער און וואַרטזאָגער. עס איז שווער צו געפינען אַ וועלכן ניט איז אָנגעזעענעם טוער אין דער היגער באַוועגונג, וואָס איז ניט דורכגעגאַנגען די שול פון „בונד".

לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף דער לאַגע פון די אידישע אַרבעטער אין אַמעריקע אין די ערשטע יאָרן פון דער מאַסן־אימיגראַציע. די לאַגע איז דאַן געווען זייער אַ טרויעריקע. די אימיגראַנטן פלעגן פראַצעווען אין די „סוועט־שעפּער". זיי זיינען כמעט ניט געווען אָרגאַניזירט. די יוניאָנס, וואָס זיינען שוין דאַן געווען, זיינען געווען קליין און שוואַך און פלעגן אָפט, נאָך אַ קורצער עקזיסטענץ, אונטערגיין.

אַזוי שנעל ווי די בונדיסטן זיינען אריינגעטראָטן אין די יוניאָנס האָבן זיי אריינגעבראכט מוט, ענערגיע, קאַמפּס־לוסט און רעוואָלוציאָנערן גייסט. גרויסע זיגרייכע סטרייקס זיינען דורכגעפירט געוואָרן פון די לײדיס ווייסט מייקערס, די קלאָוקמאַכער, די פּאַריער און שפּעטער די אַמאַלגאַמייטעד. צווישן 1903 — 1912 זיינען אַריין אין די יוניאָנס טויזנטער בונדיסטן. דעריבער קענען מיר זען, אַז דער איינפלוס פון די בונדיסטן אויף די יוניאָנס איז געווען אַ שטאַרקער און אַ טיפער.

ווי האָבן די בונדיסטן געווירקט אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע? די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי ביי אונז אין לאַנד איז געגרינדעט געוואָרן אין דער זעלבער צייט ווען די בונדיסטן האָבן זיך גענומען לאָזן קיין אַמעריקע. זיי פלעגן ארומפאָרן איבערן לאַנד און פלעגן אַגיטירן פאַר סאָציאַליזם אין אינהאַלט און אידיש אין פאָרם. זיי האָבן געהאָלפן גרינדן דעם אידישן טייל פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פריער די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראציע און שפּעטער דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד.

וואָס פאר אַ ווירקונג האָט געקענט האָבן דער בונד, וועלכער איז אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, אויף דעם אַרבעטער רינג, וועלכער איז אַ פראטערנאלע אָרגאַניזאַציע? דער בונד איז דאָך אויפגעקומען אין אַ לאַנד, וואו אַלץ האָט זיך געוואַקלט. די אומצופרידנהייט איז געווען גרויס. עס איז געווען אַן עפּאָכע, ווען מען האָט געבראָכן די אַלטע קייטן. אין פאַרגלייך, איז דער אַרבעטער רינג אַנטשטאַנען אין אַ לאַנד, וואו עס איז פאַראַן אַ דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע. די מענטשן זיינען מער אָדער ווייניקער צופרידן. דאָס לעבן איז גרינגער.

דער אַרבעטער רינג האָט זיך געשטיצט אויף מיט־גלידער, וועלכע געהערן צו פאַרשיידענע שיכטן; דער בונד — אויף דער ברייטער אַרבעטער־מאַסע. דער אַר־

בעטער רינג האָט מער מיטגלידער, דער בונד מער איינ־פלוס אויף דעם ברייטן עולם. דער אַרבעטער רינג איז רייך און קאָן העלפן; דער בונד איז אָרים און מוז שטענ־דיק קומען נאָך הילף.

אָבער מיט דער גאַנצער פאַרשיידנקייט איז דאָך פאַראַן עפּעס וואָס שטעלט זיי ביידן אויף דער זעלבער ליניע. ביידע זיינען שטאַרק, סאָליד, ביידע פאַרמאָגן אויטאָריטעט. דער גרויסער אָנגעזעענער פירער, וולאַדימיר מעדעם, האָט ריכטיק ערקלערט, אַז ביידע זיינען איין אַרבעטער־משפּחה. ווי מיר האָבן שוין געזען, האָט דער בונד געליפערט אַהער זיינע בעסטע און פּייאיקסטע מיט־גלידער. זיי, די בונדיסטן, זיינען געווען דער פּונק, וועל־כער האָט זיך צעפלאַקערט און צעשפּרייט אַ פייער פון באַגייסטערונג און פון קאַמף אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער בונד האָט געשיקט אידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן דערוועקט דעם געפיל פון רעספּעקט צו דער אייגענער שפּראַך און קולטור. דער גייסט פון בונד האָט געווירקט אויף דער גרינדונג און אויפהאַלטונג פון די אַרבעטער רינג שולן.

ווייטער, וואָס האָט דער בונד גענומען פון אַרבעטער רינג?

ערשטנס — דעם פּראַקטישן גייסט פון אַרבעט; צווייטנס — פינאַנסן. דער אַרבעטער רינג העלפט כסדר דעם בונד פינאַנציעל. פון צייט צו צייט קומען אַראָפּ שלוחים פון בונד. זיי געפינען זייערע געטרייסטע פריינט אין דעם אַרבעטער רינג. די שטיצע פון א. ר. העלפט דעם בונד אָנפירן זיין רעוואָלוציאָנערע און קולטורעלע טעטיקייט.

דער בונד אין דער אַלטער היים, און דער אַרבעטער רינג אין דער נייער היים — איינער די מוטער, דער צווייטער — דאָס קינד. ביידע קומען זיי צו די דערשלאָגענע, אונטערדריקטע און פאַראָרעמטע, צו די וואָס האָבן שטור־

מערהייט דורות-לאַנג אַריבערגעטראָגן כל׳ערליי דערנידע־
רונגען, צו די קומען זיי און וועקן און מונטערן צום קאַמף
פאַר מענטשלאכער חשיבות און עקאָנאָמישער פרייהייט.

⁂

לייבל בעקער:

## דער „בונד” און דער אידישער אַרבעטער אין רוסלאַנד.

איך וועל פרובירן אין מיין קורצער רעדע אייך געבן אַ שטיקל בילד וועגן דעם לעבן פון דעם אידישן אַרבעטער אין רוסלאַנד איידער דער „בונד” איז געגרינדעט געוואָרן, אייך צו באַקענען מיט דעם אַרבעטערס פיין און צרות. דערנאָך וועל איך אין קורצן פרובירן ווייזן, וואָס דער „בונד” האָט אויפגעטאָן פאַר דעם אידישן אַרבעטער אין רוסלאַנד, אים צו פאַרוואַנדלען פון אַ דערשלאָגענעם, מוט־לאָזן שקלאַף אין אַ העלדישן, מוטיקן פרייהייט-קעמפער.

מיט יאָרן צוריק פלעגט דער אידישער אַרבעטער אין רוסלאַנד אַרבעטן אין קליינע פאַבריקן און וואַרשטאַטן 16 און 18 שעה אַ טאָג און ער פלעגט קריגן קליינע שכירות. דער באַלעבאָס פלעגט קוקן אויפן אידישן ארבעטער ווי אויף אַ שקלאַף, פלעגט אים זידלען, ריידן צו אים אויף „דו” און, אין אַ סך פאַלן, אים שלאָגן. ער פלעגט אים אַרויס־וואַרפן פון וואַרשטאַט ווען דאָס פלעגט זיך אים נאָר פאַר־וועלן.

ס׳איז גרינג צו פאַרשטיין, אַז דער אידישער אַרבעטער, וועמען דער באַלעבאָס האָט באַטראַכט ווי אַ שקלאַף, האָט לאַנג ניט געקענט באַהאַנדלט ווערן אויף אַזאַ אופן. ער האָט געמוזט פריער אָדער שפּעטער רעוואָלטירן. דערוויל האָט דער אידישער אַרבעטער געגלויבט אין גאָט און גע־האָפט אויף משיח׳ן. וועגן סטרייקן און פראָטעסטירן האָט

ער אַפילו ניט געטראַכט. ער האָט זיך געהאַלטן ווי אַ שקלאַף און געטאָן וואָס דער באַלעבאָס האָט אים געהייסן. ער האָט געקוקט אויף דעם באַלעבאָס ווי אויף זיין בעל־טובה און געהאַלטן אַז ער מוז אים שטענדיק דאַנקבאַר זיין און געהאָרכן.

קולטורעל האָט דער אידישער אַרבעטער געלעבט אין פינסטערניש, געגלויבט אין הייליקע צדיקים און וואונדער, און דאָס העכסטע וואָס ער האָט געקענט איז זאָגן אַ קאַפּיטל תהלים. וועלטלאַך וויסן, וועלטלאַכע בילדונג איז אים אינגאַנצן געווען פרעמד.

דעם אַרבעטערס קינד פלעגט אַ פּאָר זמנים אָפּלערנען אין תלמוד־תורה, אַ חדר וואו עס האָבן געלערנט די אָרימע און וואו די דערציער זיינען געווען די ערגסטע פון אַלע אַמאָליקע מלמדים. דערנאָך, צו אַכט, ניין יאָר, פלעגט מען אים אָפּגעבן צו אַ מייסטער זיך לערנען אַ מלאכה. אַנשטאָט צו לערנען אים פלעגן דער באַלעבאָס און זיין ווייב זיך שאַפן מיט אים אין הויז־אַרבעט און אים אָפט שלאָגן, אַזוי ווי דאָס ווערט געשילדערט אין יונה ראָזענפעלדס דערציילונג „דער גנב" און אין שלום אַשם „אין דער לערע".

געזעלשאַפטלאַך האָט דער אַרבעטער זיך געפונען אויף דער נידעריקסטער שטופע. ער איז געווען דער גראָבער יונג, וועלכן מע מוז אויסמיידן, און אין בית־המדרש ביים דאַוונען האָט ער געמוזט זיצן ביי דער טיר.

פּאָליטיש זיינען די אידן אין רוסלאַנד געווען רעכטלאָז, געלעבט אונטער שטענדיקע פאַרפאָלגונגען. אָבער מער פון אַלעמען האָט פון דעם צאַרס גזירות געליטן דער אידישער אַרבעטער. ער איז געווען דער נידעריקסטער פון די נידעריקע.

ס'איז גרינג צו זען פון דעם קורצן בילד, וואָס איך האָב אייך דאָ געגעבן, ווי טרויעריק עס איז געווען די לאַגע פון דעם אידישן אַרבעטער אין רוסלאַנד.

אַז דער „בונד" איז געגרינדעט געוואָרן מיט 35 יאָר

צוריק האָט ער אַרויסגעשיקט זיינע אַגיטאַטאָרס צווישן די אידישע אַרבעטער אין די אידישע געטאָס. די אַגיטאַטאָרס האָבן גענומען ריידן צו די אידישע אַרבעטער וועגן אַ שע־נערער און בעסערער וועלט, וועגן סטרייקן, וועגן עקאָנאָ־מישן קאַמף, און דער אידישער אַרבעטער האָט זיך גענו־מען צוהערן. נאָך איידער דער „בונד" איז געגרינדעט גע־וואָרן פלעגן אַגיטאַטאָרס ארומגיין צווישן די אידישע אַר־בעטער און רעדן צו זיי, און די אידישע ארבעטער פלעגן זיך די ערשטע צייט ניט וועלן צוהערן. נאָר וואָס ווייטער האָבן זיי זיך גענומען צוהערן צו דעם וואָס דער בונדיסטישער אַגיטאַטאָר האָט געזאָגט און עס אַריינ־גענומען טיף אין מוח אַריין. ניט נאָר האָבן זיי עס אַריינ־גענומען אין מוח, נאָר זיי האָבן גענומען אָרגאַניזירן זיך אין זייערע וואַרשטאַטן פאַר גרעסערע שכירות און קלענערע אַרבעטס־שטונדן. דער „בונד" האָט זיי אָרגאַניזירט, ער האָט אָנגעפירט און אַרויסגעהאָלפן דעם אידישן ארבעטער אין זיינע סטרייקס.

דער אידישער אַרבעטער, וועלכער האָט אין משך פון הונדערטער יאָרן נאָר געגלויבט אין גאָט און געהאָפט אויף משיחן, איז מיט אַמאָל געוואָרן פעאיק פאַר אַן עקאָנאָמישן און פאָליטישן קאַמף, און מערקווירדיק, כמעט אַלע סטרייקס, אין וועלכע דער אידישער אַרבעטער האָט אַן אַנטייל גענומען, זיינען געווען גוט אָרגאַניזירט און גע־פלאַנט.

זעענדיק דאָס בילד ווי מיט אַמאָל איז דער אידישער אַרבעטער אַרויס אין קאַמף וואָלט מען געקענט מיינען, אַז די נשמות פון די אַמאָליקע אידישע העלדן האָבן געפונען אַ פלאַץ אין די הערצער פון די אידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד.

דער „בונד" האָט דורך זיינע אַגיטאַטאָרס געלערנט דעם אידישן אַרבעטער סאָציאַליזם. ניט בלויז די פראַזן

פון סאָציאַליזם, נאָר אויך דעם גייסט זיינעם. דער „בונד" האָט אַריינגעגאָסן אַ שטראָם אידעאַליזם אין די הערצער פון די אידישע אַרבעטער. דאָס איז ניט געווען קיין וואַסער־דיקער אידעאַליזם, נאָר אַן אידעאַליזם פאַר וועלכן דער אי־דישער ארבעטער האָט געקעמפט און וועלכער האָט אים געגעבן כח צו האָפן אויף אַ בעסערער וועלט.

דער „בונד" האָט גענומען אַנטוויקלען דעם אידישן אַר־בעטער קולטורעל. ער האָט אים געלערנט צו לייענען און שרייבן. ער האָט באַשאַפן לייענער צווישן די אידישע אַרבעטער און זיי געלערנט לייענען די ווערק פון די בעסע־רע אידישע שרייבער, ווי מענדעלע מוכר ספרים, פרץ און שלום־עליכם.

דער „בונד" האָט געמאַכט פון דעם דערשלאָגענעם שקלאַף אַ באַוואוסטזיניקן קעמפער. דער בונד האָט אויך גערופן דעם אידישן ארבעטער צו קעמפן קעגן רעכט־לאָזיגקייט.

זעענדיק פון אַט די פאָר ווערטער, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט, וואס דער „בונד" האָט אויפגעטאָן פאַר דעם אידישן ארבעטער אין רוסלאַנד, איז גרינג צו פאַרשטיין, פאַר וואָס דער „בונד" האָט אַ רעכט גערופן צו ווערן די פאַרטיי פון דעם אידישן ארבעטער־קלאַס. דער בונד האָט געזאָגט צום אידישן ארבעטער: „האָף אויף זיך", „נאָר איר אַרבעטער אַליין קענט זיך העלפן", „אייער אידעאַל איז דער סאָציאַליזם — קעמפט פאַר אייער אידעאַל!"

מיכלע טאַבאַטשניק:

# די אַנטוויקלונג פון דעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע

ווען מיר טרעטן צו צו אַן איבערבליק איבער דער געשיכטע פון דעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע אין פאַרלויף פון די לעצטע 50 יאָר, מוז מען פריער פון אַלץ האָבן אין זיינע צוויי זאַכן: ערשטנס, דעם איצטיקן צוזאַמענברוך, דעם קריזיס אין טעאַטער, ווי בכלל אין דער קולטור. צווייטנס, 50 יאָר אַנטוויקלונג פונם אידישן טעאַטער. דאָס איז ניט ווי ביי אַנדערע פעלקער, פופציק יאָר פון דער לאַנגער טעאַטער געשיכטע, נאָר דאָס מיינט אין עצם דער געבורט און אַנטוויקלונג פון דעם אידישן טעאַטער.

נאָכדעם ווי עס איז געשאַפן געוואָרן אַ היבשער אידישער ישוב אין אַמעריקע, האָט זיך, צוזאַמען מיט אַנדערע קולטורעלע אידישע אינסטיטוציעס, אויך געגרינדעט דער טעאַטער. דער אידישער טעאַטער, ווי אַלע אַנדערע טעאַטערס, איז אַ רעזולטאַט פון דעם פאַרלאַנג פון די מאַסן צו האָבן אַ פלאַץ וואו זיך צו פאַרווײַלן און טאַקע פאַרגעניגן האָבן אויך. מען מוז האָבן אַ פלאַץ וואו מען זאָל קענען זען אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם אייגענעם לעבן, פון די אייגענע פּראָבלעמען, פון די אייגענע פריידן און ליידן.

ווען די אידן זיינען אָנגקומען קיין אמעריקע האָבן זיי מיט זיך מיטגעבראַכט זייער ביסל קולטור פון דער אַלטער היים. דער טעאַטער איז איבערהויפּט אַריבערגעבראַכט געוואָרן פון רומעניע און רוסלאַנד, און האָט דאָ אָנגענומען דעם זעלביקן פּנים, ווי ער האָט פריער דאָרטן געהאַט. אין

די גאָר ערשטע יאָרן פון דער אימיגראַציע איז די אידן ניט געלעגן אין קאָפּ טעאַטער — זיי האָבן זיך צוערשט געדאַרפט פאַרזאָרגן מיט חיונה, און זיך אַביסל איינבירגערן אין דעם נייעם לאַנד. ערשט דאַן ווען דאָס אידישע לעבן האָט זיך אויסגעשפרייט האָט זיך אָנגעשטויסן אָן פאַרשיידענע פראָבלעמען, זיינען אויפגעקומען פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס: די פרעסע האָט זיך אַנטוויקלט, און דאַן האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען די אַנטוויקלונג פון דעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

צוערשט איז דער טעאַטער געווען ניט מער ווי אַ פאַרוויילונג אינסטיטוציע. מען פלעגט שפּילן לייכטע אָפּערעטעס, וואָס האָבן אַוועקגענומען די מאַסן פון די דאגות פונ׳ם לעבן. די פּיעסן זיינען אָפט געווען פאַנטאַסטישע און ביבלישע. דערנאָך איז געקומען די עפּאָכע פון גאָלדפאַדענען. צווישן די הויפּט שטערן פון די אַקטיאָרן זיינען צו יענער צייט געווען: אַדלער, קעסלער, ליפּצין, בינע אַבראַמאָוויטש, מאָגולעסקאָ. עס האָט אָבער ניט לאַנג גענומען און עס האָט זיך באַוויזן אַ רעפאָרמער פון אידישן טעאַטער — יעקב גאָרדין. ביז יענער צייט האָבן די אינטעליגענטן גאָרניט געהאַט צו טאָן מיטן טעאַטער. זיי פלעגן חוזק מאַכן פון די אַקטיאָרן, וואָס מאַכן זיך נאַריש אויף דער בינע. אָבער, טראָץ דעם וואָס גאָרדינס דראַמען רופן ביי אונז היינט צו טאָג אַרויס אַ מיינונגס-פאַרשיידנהייט אין באַצוג צו זייער ליטעראַרישן און קולטורעלן ווערט, האָבן די אינטעליגענטן אונטער זיין ווירקונג אָנגעפאַנגען באַזוכן דעם טעאַטער. גאָרדין האָט געבראַכט אויף דער בינע ערנסטע פראָבלעמען וואָס קומען פאָר אין פאַמיליען לעבן, דעם קאַמף צווישן רייכע און אָרימע. זיינע כאַראַקטערן זיינען זייער אָפט ניט מער ווי אָנגעוואָרפן — שאָטנס פון מענשן, דאָך שאָטנס פון לעבעדיקע מענשן, מיט וועמען די מאַסן האָבן געקענט קומען אין באַרירונג. די אַלע פּיעסן זיינען ניט אַזוי טרוקן ווי עס ווייזט זיך אויס. אַנשטאָט צו האָבן אַ נאַרישן קאָמיקער, ווי ביי

גאָלדפאַדענען, זיינען געשאַפן געוואָרן הומאָריסטישע טיפּן. אַזאַ ענדערונג אין טעאַטער צו יענער צייט איז געווען זייער נויטיק, ווייל סיי די אַקטיאָרן און סיי דאָס פּובליקום זיינען מיד געוואָרן פון זען און שפּילן פאַנטאַסטישע ראָלן פון גע־נעראַלן און פּרינצן אָדער די פרומע ראָלן פון רבנים און חסידים — זיי האָבן געפאָדערט מענשלאַכע ראָלן. אין אַ קורצער צייט האָבן די אַקטיאָרן זיך אַרומגעזען אַז זיי קריגן אַ בעסערע געלעגנהייט צו ווייזן זייער קונסט אין אַן ערנ־סטער ראָלע, ווי אין די נאַרישע ראָלן פון די לייכטע דראַ־מען.

שפּעטער האָט זיך געשאַפן אַ מאָדנע לאַגע. די בעסע־רע אַקטיאָרן, ווי קעסלער, אַדלער, טאָמאַשעווסקי, האָבן געעפנט אייגענע טעאַטערס און גענומען קאָנקורירן צווישן זיך. כדי דער טעאַטער זאָל קענען עקזיסטירן — פּשוט צו פאַרזיכערן די קאַסע — האָט מען אָנגעפאַנגען שפּילן ערגערע פּיעסן, און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן גאָרדינען און זיינע קאָלעגן.

אָבער, דאָס וואָס מען האָט גענומען וויניקער אויפ־פירן גאָרדינס פּיעסן מיינט נאָך ניט אַז מען קען אַוועק־מאַכן מיט דער האַנט דעם איינפלוס וואָס ער האָט געהאַט סיי אויף די אַקטיאָרן, סיי אויף די מאַסן, און ספּעציעל אויף דער אידישער דראַמאַטורגיע. יעקב גאָרדין איז געווען דער יעניקער, וואָס האָט דער ערשטער איינגעזען, אַז דער טע־אַטער קאָן און דאַרף אויסגענוצט ווערן ניט נאָר ווי אַן אַמו־זיר־פּלאַץ, נאָר אויך ווי אַ דערציאונגס־אַנשטאַלט, און ער האָט טאַקע אין לעצטן פּרט אַ סך אויפגעטאָן. עס זיינען געווען צייטן, ווען די ענגלישע פּרעסע האָט, אַ דאַנק די אויפטוען פון יעקב גאָרדין, רעקאָמענדירט דעם עולם, אַז אויב ער וויל זען אַ בעסערע פּיעסע, זאָל ער אַרונטערפאָרן אויף דער „באַוועריי" און זען גאָרדינס אַ דראַמע. נאָך מער. מ׳האָט געשפּילט ספּעציעלע פאָרשטעלונגען פון גאָרדינס „גאָט, מענש און טייוול", ווי אַ מוסטער פון טעאַטער,

פאַר קאַלעדזש פּראָפעסאָרן און זייערע סטודענטן, אַזוי גרויס איז געווען גאָרדינס איינפלוס.

אָבער דער אידישער טעאַטער איז וואָס ווייטער אַלץ מער געזונקען און געוואָרן וואָס מער אַ געשעפטס־ענין. די מלחמה האָט נאָך מער פאַרערגערט די לאַגע פון דעם אידישן טעאַטער, ווייל אין יענער צייט איז כמעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן די אימיגראַציע און דער אידישער טעאַטער עולם איז געוואָרן קלענער. אָבער אַפילו דאַן האָט זיך געפונען אַ גרופּע טאַלאַנטפולע אַקטיאָרן מיט קינסטלע־רישע אַמביציעס. איינער פון זיי איז געווען מאָרים שוואַרץ. שוואַרצס אַמביציע איז געווען צו שאַפן אַן אמתן אידישן קונסט טעאַטער. מיט דעם טעאַטער וואָס ער האָט טאַקע געעפנט אויף אוירווינג פּליים, האָט זיך אָנגעהייבן אַ נייע עפּאָכע אין דעם אידישן טעאַטער.

ער האָט אָנגעפאַנגען זיין אַרבעט מיט אויפפירונגען פון פּרץ הירשביינס שיינע, לייכטע אידיליעס פון דעם דאָרפישן לעבן. אגב איז שוואַרץ געווען דער ערשטער אַרויסצוברענגען הירשביינען אויף דער אידישער בינע, אויסער דעם וואָס אַמאָטאָרן טרופּעס, אָדער דראַמאַטישע קלובן פלעגן פון צייט צו צייט אויפפירן הירשביינס אַ פּיעסע. פון הירשביינען איז ער געגאַנגען צו לייוויקן, סעקלערן, אַשן, שלום עליכמען, פּינסקין און אַנדערע שריי־בער. ער פלעגט אַמאָל אַפילו אויפפירן אַן איבערזעצונג פון אַ קלאַסישער דראַמע. עס איז אָבער אַ באַוואוסטער פאַקט אַז קונסט האָט זיך ניט באַצאָלט און וועט זיך ניט באַ־צאָלן. שוואַרץ האָט אין דער קורצער צייט וואָס ער האָט עקזיסטירט, דערפילט זיין אַמביציע, נאָר ער האָט זיך צו לאַנג ניט געקענט מוטשען און דער קריזיס האָט אים געצוואונגען צו פאַרמאַכן דעם טעאַטער.

ווי עס ווייזט איצט אויס, גייט דער טעאַטער אויף צו־ריק. ער קען אָבער אינגאַנצן ניט אונטערגיין, ווייל אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיין אַ באַזונדערע אידישע קולטור, וועט מוזן זיין אַ טעאַטער. עס קען אפשר זיין אַז עס וועלן זיין

וויניקער טעאַטערס, אָדער ניט פון דעם כאַראַקטער ווי מיר וואָלטן זיך געוואונשן, נאָר אַ טעאַטער וועט זיכער זיין. נאָך אַלעמען, וואָס זיינען פאַר אונז ווערט מיינונגען און ספּעקולאַציעס, ווען דער לעצטער צענזוס באַווייזט אַז עד־היום זיינען נאָך פאַראַן איבער אַ מיליאָן און אַ האַלב מענשן אין אַמעריקע וואָס גיבן אָן אידיש אַלס זייער שפּראַך? אמת, מען קען ניט וויסן וואָס די צייט וועט ברענגען, נאָר מיר קענען זיין גאַנץ זיכער, אַז דער אידישער גייסט איז נאָך לעבעדיק, די אידישע קולטור איז נאָך שטאַרק, און אַז די מאַסן, איבערהויפּט די אינטעליגענטערע, וועלן אָנווענדן אַלע מיטלען אויפצוהאַלטן אַ פאַסיקן אידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

***

**רות אַראַנאָוויטש:**

## די אַרבעטער רינג שולן און דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע.

מיט פופציק יאָר צוריק האָט זיך אָנגעפאַנגען דער גרויסער שטראָם פון אידישער אימיגראַציע קיין אַמעריקע. פרעגט זיך אַ פראַגע: אויב אידישע אימיגראַציע אין אַמע־ריקע איז שוין אַלט פופציק יאָר, פאַר וואָס זיינען די אידי־שע פאָלק־שולן אַלט נאָר צוואַנציק יאָר? דאָס איז דערפאַר, וואָס די ערשט־אַריבערגעקומענע אידן האָבן זיך געדאַרפט צופּאַסן צו דעם נייעם לעבן. זיי האָבן געהאַרפּט זוכן אַ וועג צו מאַכן אַ לעבן פאַר זיך און זייערע פאַמיליעס. די אידן האָבן זיך געדאַרפט אויסלערנען ריידן אביסל ענגליש. אין קורצן, די אימיגראַנטן־אידן האָבן זיך געדאַרפט עקאָ־נאָמיש איינאָרדנען. זיי האָבן ניט געפירט קיין אייגן אי־דיש לעבן, זיי האָבן פרובירט זיך צופּאַסן און אַסימילירן מיט דער סביבה. אָבער נאָך דעם ווי עס זיינען אַוועק

עטלאַכע צענדליק יאָר, האָט זיך אַנטוויקלט דער פאַרלאַנג צו פירן אַן אייגן לעבן — אַ אידיש לעבן. די אימיגראַנטישע מאַסן האָבן גענומען טראַכטן וועגן קולטורעלער אַרבעט און איינגעזען, אַז דער פאַסיקסטער וועג איז צו גרינדן אידישע קינדער שולן. אַזוי זעען מיר, אַז די שולן זיינען אַ פּראָדוקט פונם פאַרלאַנג צו פירן אַן אייגנאַרטיק אידישן קולטורעלן לעבן.

דער אַרבעטער רינג, זייענדיק אַן אָרגאַניזאַציע פון אידישע אַרבעטער, האָט גענומען גרינדן שולן. אויב עס זיינען שוין געווען אידישע קינדער שולן פאַר די ארבעטער רינג שולן, פאר וואָס האָט דער אַרבעטער רינג געדאַרפט גרינדן אַנדערע שולן? דאָס איז דערפאַר, וואָס די פּראָגראַמען פון די אַנדערע שולן האָבן זיך ניט גענוג אָפּגעשטעלט אויף די סאָציאַלע פּראָבלעמען. זיי האָבן זיך מער פאַרנומען מיט ריין אידישע אין דערציערישע אַרבעטן, ווי מיט באַקענען די קינדער מיט די סאָציאַלע נויטן פון אידישן ארבעטער. אַ גרויסע צאָל אידן דענקט, אַז די ארבעטער רינג שולן זיינען אינסטיטוציעס, וואו מען לערנט נאָר אידישע געגנשטאַנדן, ווי אידיש לייענען, שרייבן, געשיכטע, ליטעראַטור. אמת, אָבער די לימודים זיינען ניט דער ערשטער און איינציקער ציל פון אונזערע ארבעטער רינג שולן. אונזערע שולן זיינען ניט נאָר אידישע ערציאונגס אינסטיטוציעס, נאָר ערטער וואו מען פאַרבינדן דאָס קינד מיט דעם ארבעטער לעבן. אונזערע עלטערן זיינען ארבעטער. דערפאַר דאַרפן מיר זיך באַקענען מיט זייערע קריוודעס און וויסן די אומגערעכטיגקייטן, וואָס ווערן קעגן זיי באַגאַנגען.

איך האַלט, אַז עס איז וויכטיק פאַר אַ קינד פון אַן אַרבעטער זיך צו באַקענען מיט די פאַרשיידענע פּראָבלעמען פון דעם ארבעטער לעבן אויף א פּראַקטישן אופן, ווי דורך באַטייליקן זיך אין דעמאָנסטראַציעס, זאַמלען געלט פאַר סטרייקערס און דורך ערשטע מאַי פייערונגען. מען קען אין די שולן דערקענען די סאָלידאַריטעט פון דער אַרבעטער

באַוועגונג בכלל אין דעם וואָס כאָטש אונזערע טאַטעס זיי־נען ניט קיין מיינערס, נאָר קלאָוקמאַכער און שניידער, דאָך באַטייליקן מיר זיך אין די דעמאָנסטראַציעס פאַר די מיינערס און זאַמלען געלט פאַר זיי. דאָ אגב וויל איך באַ־מערקן, אַז מיר האָבן זיך באַטייליקט אין ערשטע־מאַי פיי־ערונגען מיט אונזערע כאָרן און פאָרשטעלונגען פון דעם אַרבעטער קאַמף. לעצטנס איז פאָרגעקומען אַן אַנטי־מלחמה דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער אונזערע קינדער האָבן זיך באַטייליקט. אָבער ניט נאָר אין דעמאָנסטראַציעס קעגן מלחמה נעמען די קינדער אַן אַנטייל, נאָר אויך אין דע־מאָנסטראַציעס קעגן אַרבעטסלאָזיגקייט. מיט אַ צייט צו־ריק זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעמאָנסטראַציעס פאַר דער באַפרייאונג פון טאָם מוני און בילינגס און פאַר די פענ־סילווייניער און קענטאַקי מיינערס, אין וועלכע די קינדער האָבן גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל. דעמאָנסטראַציעס זיינען אָבער ניט גענוג צו העלפן די אַרבעטער. דערפאַר זיינען אָנגעפירט געוואָרן געלט זאַמלונגען און זאַמלונגען פון קליי־דער פאַר די מיינערס. איצט גייט אָן אַ געלט־זאַמלונג פאַר דעם מעדעם קינדער־סאַניטאַריום אין פוילן. אין דעם סאַני־טאַריום שיקט מען קינדער, וועלכע ליידן פון דער שרעקלא־כער קראַנקהייט טובערקולאָזיס. דאָרט פרואווט מען זיי קו־רירן און, אויב דאָס איז ניט מעגלאך, פרובירט מען אָפּשטעלן די אַנטוויקלונג פון דער קראַנקהייט. דאָס וואָס מיר זאַמלען געלט פאַר דעם סאַניטאַריום ווייזט, אַז מיר זיינען מיט די פוילישע אידישע קינדער פאַרבונדן, כאָטש מיר האָבן זיי קיינמאָל ניט געזען און כאָטש מיר זיינען דאָ אין אמעריקע.

אין אונזערע שולן פרובירט מען באַקענען די קינדער מיט דעם סאָציאַלן קאַמף, וואָס גייט אָן טאָג־טעגלאך, און זיי מאַכן קלאַסן־באַוואוסט. דאָס איז אונזער וויכטיקסטער צוועק. ליטעראַטור, געשיכטע און די אַנדערע געגנשטאַנדן זיינען ניט בלויז אויסן צו באַקענען די קינדער מיטן אידישן לעבן פון אַמאָל און היינט. זיי העלפן אויך דערקלערן און אויסברייטערן אונזערע ידיעות אין די ספּעציעלע סיבות

פון דעם ארבעטערס פּראָבלעמען, פאַרלאַנגען און קאַמפּן. מיט די פריער דערמאָנטע פּראָבלעמען דאַרפן זיך די אידי־שע קינדער באַקענען דוקא אויף אידיש, דערפאַר וואָס דער אידישער אַרבעטער לעבט אַן אייגנאַרטיק אידיש לעבן און איז דער בויער און טרעגער פון דער מאָדערנער אידישער קולטור. דערפאַר וואָס מיר האָבן אַ לאַנגע געשיכטע פון קאַמפן, דאַרפן מיר עס אויסנוצן צו דערקלערן דעם אָפט־מאָל אייגנאַרטיקן כאַראַקטער פון די אידישע אַרבעטער פּראָבלעמען.

נאָך אַמאָל, אונזערע שולן שטרייכן אונטער די קלאַסן איינטיילונג און דעם קלאַסן־קאַמף אין דער געזעלשאַפט. דערפאַר לערנט מען אין די ארבעטער רינג שולן ניט נאָר פאַרשטיין און מיטפילן מיט דעם אַרבעטער, נאָר אויך אַקטיוו צו באַטייליקן זיך אין דעם אַרבעטער קאַמף. אַזוי־ערנאָך לערנען מיר זיך גרייטן צום אמת׳ן גרויסן קאַמף, צו באַפרייען די וועלט.

***

**לעאָן סאָסנאָוו:**

## אידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע.

מיט אַ יאָר 50 צוריק זיינען די מערסטע אידן אין אַמע־ריקע געווען דייטשע עמיגראַנטן. יי האָבן געהאַט אַ קליין־בורזשואַזע פּסיכאָלאָגיע. די פּסיכאָלאָגיע האָט זיך אָפּגע־שפּיגלט אין דעם כאַראַקטער פון די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיי האָבן געגרינדעט. דאָס זיינען געווען רעליגיעזע שולן, סעמעטערים און ענלאַכע אינסטיטוציעס.

שפּעטער אַביסל האָט זיך אָנגעפאַנגען די ברייטע אי־מיגראַציע פון רוסישע, פּוילישע און רומענישע אידן, און מיט זייער קומען האָט זיך געביטן דער גאַנצער אַלגעמיי־

נער כאַראַקטער פון די אידישע אָרגאַנזאציעס אין אמעריקע. א סך פון די אימיגראנטן זיינען דאָ געווארן ארבעטער און זיי האָבן געגרינדעט אָרגאַניזאציעס, וואס זאָלן זיי באַשיצן אין דעם נייעם לאַנד און זיי שטיצן, ווען זיי וועלן זיין קראַנק. א דאַנק דעם זיינען געשאַפן געווארן א סך לאַנדסמאַנשאַפטן און פראַטערנאַלע אָרגאַניזאציעס. אָבער זיי האָבן ניט צופרידנגעשטעלט דעם אידישן אַרבעטער. ער האָט זיך אויך געניטיקט אין אָרגאַניזאציעס, וואָס זאָלן אים פאַרטרעטן אין זיין ארבעטער קאמף. ער האָט אָרגאַניזירט אידישע יוניאנס און דעם אַרבעטער רינג. דאָס איז מערסטנס געטאָן געוואָרן אונטער דער פירערשאַפט פון יונגע רעוואָלוציאָנערן פון רוסלאַנד און פוילן, וואָס האָבן שוין געהאַט ערפאַרונג אין דער אַרבעטער באַוועגונג אין זייערע היים-לענדער.

די לאַגע אין די אידישע טריידס איז אין די ערשטע יאָרן פון אידישער מאַסן-אימיגראַציע געווען אַ שרעקלאַכע. די אַרבעטער האָבן געקראָגן באַצאָלט פון 8 ביז 10 דאָלער אַ וואָך. דער ארבעטס-טאָג איז געווען פון 12 ביז 14 שטונדן. מען האָט געאַרבעט אין „סוועט שעפּער" און אַפילו די היימען זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שעפּער, וואו דער טאַטע, די מאַמע און די קינדער האָבן געאַרבעט. די אידישע יוניאנס האָבן אויף אַזאַ אופן געהאַט אַ סך אויסצוקעמפן. איבערהויפּט אין די נאָדל אינדוסטריען זיינען די אַרבעטס באַדינגונגען געווען זייער שלעכט. די אידישע יוניאָנס, ווי די אינטערנעשאָנעל לײדיס גאַרמענט וואירקערס יוניאָן און די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס יוניאָן, האָבן, שפּעט אין ניינצענטן יאָרהונדערט, אָנגעפאַנגען אַ לאַנגן און ערנסטן קאַמף אין די אינטערעסן פון די אַרבעטער. זינט יענער צייט האָבן זיי אַ סך אויסגעפירט. דורך די יוניאָנס האָבן די אידישע אַרבעטער אויסגעקעמפט פאַר זיך קירצערע אַרבעטס-שטונדן, בעסערע פאַרדינסטן און מענשלאַכע באַהאַנדלונג. די בעסערע באַדינגונגען האָבן געגעבן די אַרבעטער א מעגלאַכקייט צו

קענען מער טראַכטן וועגן אַ שענערן און בעסערן לעבן פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט. צוליב דעם, וואָס זיי האָבן פאַר זיך געוואונען מער צייט און אַ העכערן סטאַנדאַרד פון לעבן, האָבן זיי געהאַט אַ געלעגנהייט מער צו לייענען צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער און זיך אויפהייבן אויף אַ העכערער קולטורעלער מדרגה. אַ גרויסע ראָלע אין רעם קאַמף האָבן אויך געשפילט די קעפּמאַכער יוניאָן, די ציגאַרנמאַכער יוניאָן און אַנדערע יוניאָנס. אין דעם היסטאָרישן קאַמף פון 1910 און אַנדערע וויכטיקע סטרייקס פון דער צייט, איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דעם מאָדערנעם אידישן יוניאָניזם.

די ליידים גאַרמענט טרייד איז, אַזוי אַרום, געוואָרן אַ מין עקספּערימענטאַלע שול פון דער אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן באַוועגונג. די יוניאָנס אין דעם טרייד זיינען אַלעמאָל געווען פּיאָנערן אויסצונוצן נייע מיטלען פון קאַמף.

אויסער דעם עקאָנאָמישן קאַמף, וואָס די אידישע יוניאָנס האָבן אָנגעפירט, זיינען זיי נאָך געווען טעטיק אין א גאַנצער ריי אַנדערע געביטן. זיי האָבן פיל געטאָן פאַר דעם וואוילזיין און פאַר דער דערציאונג פון זייער מיטגלידערשאַפט. די יוניאנס און דער ארבעטער רינג האָבן געבויט זומער-היימען, וואו זייערע מיטגלידער קענען זיך דערהאָלן, קליניקס, פאַרוויילונג צענטערס און ענלאַכע אינסטיטוציעס. זיי האָבן אַרויסגעגעבן פאַמפלעטן און בראָשורן. זיי האַלטן אָפּ אָפן פאָרומס און דיסקוסיעס כדי צו פאַראינטערעסירן זייערע מיטגלידער אין טאָג-פּראָבלעמען און אין אַנדערע צווייגן פון דער אַרבעטער באַוועגונג. די אידישע יוניאנס זיינען פאר די לעצטע פערציק יאָר געווען אַ געוואַלדיקער כוח צווישן די אידישע מאַסן און זיינען דאָס היינט צו טאָג.

זייער פאַרשפּרייט צווישן אידישע ארבעטער זיינען די אַרבעטער פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, ווי דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד, דער אינדעפּענדענט אַרבעטער רינג און דער ארבעטער רינג. דעם וויכטיקסטן פּלאַץ

צווישן זיי פאַרנעמט דער אַרבעטער רינג. דער אַרבעטער רינג איז אַ פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע מיט שטאַרקע סאָציאַליסטישע נייגונגען און שטייט שטענדיק גרייט צו העלפן יעדן ארבעטער קאַמף. פאַר זיינע מיטגלידער האָט ער אויפגעבויט אַ סאַניטאַריום, קעמפּס, און זומער-פלעצער. ער האָט געגרינדעט די יאַנג סוירקל ליג, אַ יוגנט אָרגאַניזאַציע פון קינדער פון מיטגלידער. ער דערציט די יונגע קינדער, קינדער פון מיטגלידער, אין אידישע סאָציאַליסטישע שולן און גיט אויך פינאַנציעלע שטיצע צו נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער. פאַר זיין אַרבעט איז דער אַרבעטער רינג אַנערקענט פאַר דעם „רויטן קרייץ" פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג.

אידן האָבן אויך געגרינדעט באַזונדערע פּאַרטייען. צווישן זיי האָבן מיר די פּועלי-ציון פּאַרטיי און די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, פון וועלכער עס זיינען שפּעטער אַרויסגעקומען דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד און די אידישע סעקציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די לעצטע צייטן איז געגרינדעט געוואָרן די אידישע קולטור געזעלשאַפט און די אַמעריקאַנער אָפּטיילונג פון אידישן וויסנשאַפטלאַכן אינסטיטוט.

אָט די אידישע יוניאָנס, דער אַרבעטער רינג, דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד און די ראַדיקאַלע קולטור אָרגאַניזאַציעס טוען אַ סך צו דערציען און אַנטוויקלען די אידישע מאַסן אין אמעריקע. די אידישע ארבעטער אָרגאַניזאַציעס אין אמעריקע האָבן ניט נאָר אַ גרויסן איינפלוס אויף די אידן דאָ אין לאַנד, נאָר זיי דינען אויך ווי ברידערלאַכע הילפס-אָרגאַניזאַציעס פאַר אידן אין אלע אנדערע לענדער. די אידישע ארבעטער אָרגאַניזאַציעס העלפן צוגרייטן די אידישע ארבעטער זיי זאָלן זיין בכוח, צוזאַמען מיט די ארבעטער פון אַנדערע פעלקער, איבערצונעמען די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע מאַכט און שאַפן אַ נייע, אַ בעסערע, אַ מער יושר׳דיקע וועלט פאַר דער גאַנצער מענשהייט.